ד״ר א. גינזבורג.

# דער תלמוד

## זיין ענטשטעהונג און ענטוויקלונג.



פערלאג:
„וועלט-ביבליאטעק".

ווארשא,
תר״ע.



# פ א ר ו ו א ר ט.

ניט פאר קיין געלעהרטע און גרויסע תלמודיסטען זענען דיעזע מאמרים לכתחלה געשריעבען געווארען, — און ניט פאר זיי ווערען זיי איצטער ארויס־געגעבען אין א ביכעל. מיין כונה איז געוועזן בעקאנט צו מאכען מיט דיעזען ענין דעם איינפאכען י ו ד י ש ע ן לעזער, יענעם גרויסען טייל פון יודישען פאלק, וועלכער האט ניט די נויטיגע קענטניסע צו שעפען דיינע ידיעות פון די ערשטע קוועלען, צו לעזען די וויכטיגע ווערק וועגען דעם אין העברייאיש און אין אנדערע שפראכען.

**דער מחבר.**



# אינהאלט:

# איינלייטונג.

דעם מזל פון זיין פאלק, וועמעס גייסט עס האט איהם בעשאפען, האט דער תלמוד.

ווי זיין פאלק, אזוי איז אויך דער תלמוד פערפאלגט און פערהאסט געווארען לאנגע, לאנגע בלוטיגע יאהרהונדערטע. צו שרייבען די געשיכטע פון די פערפאלגונגען פון תלמוד — הייסט צו שרייבען יענע לאנגע, אונענדליך טרויעריגע און שרעקליכע געשיכטע פון דעם יודישען פאלק אין די פינסטערסטע פון די פינסטערע יאהרהונדערטע פון דער מענשליכער געשיכטע.

און אויך ווי זיין פאלק איז דער תלמוד פערהאסט און פערפאלגט געווארען דערפאר, וואס די אויסערע וועלט, די „ליעבע" קריסטליכע וועלט, האט ניט פערשטאנען און ניט געוואוסט זיין גייסט; האט ניט פערשטאנען, ווייל זי האט ניט געוואלט און דארום ניט געקענט פערשטעהן. דער תלמוד איז פערמשפט געווארען איידער מען האט איהם אונטערזוכט, פערארטיילט געווארען הינטער די אויגען, אהן עדות און ניט אויסהערענדיג, וואס ער האט צו זאגען, מיט וואס ער קען אויף זיך מלמד זכות זיין.

ווי טויזענדע פון זיין פאלקס בעסטע קינדער איז אויך דער תלמוד ניט איין מאל נדון געווארען לשרפה; ניט איינמאל איז ער געפיהרט געווארען אויף דעם אוטא-דע-פע, און ניט איינמאל האבען די קריסטליכע גייסטליכע פון אלע שאטירונגען זיך שוין געפרעהט, אז אט האבען זיי ענדליך פערניכטעט זייער ערץ-שונא, דעם אבי אבות הטומאה, דעם פערפלוכטען תלמוד. אבער יעדעס מאל איז זייער שמחה געווארען אומזיסט. גמרות, פיעלע גמרות, גאנצע בערג גמרות האבען זיי פערברענט, דער תלמוד איז אבער יעדעס מאל נצול געווארען. דאס אלטע עם קשה עורף, דאס הארטנעקיגע יודישע פאלק, האט אלץ מעהר געהיט דעם תלמוד, וואס מעהר ער איז פערפאלגט געווארען, מיט אמת'ן מסירת נפש, צו וואס דאס אלטע מארטירער-פאלק איז פון לאנג געוואוינט, האט עס געטראגען מיט זיך דעם

תלמוד דורך פייער און וואסער, דורך די אלע נע־ונדין, דורך די אונצעהליגע גלותים, וואס ער האט דורכגעמאכט אין זיין לאנגען וואנדערער־לעבען צווישען די פעלקער.

מיט די בלוט און טרערען פון דעם יודישען פאלק זענען דורכגעווייקט און אנגעזאפט די בלעטער פון דיעזען מערקווירדיגען בוך. און דיעזע בלוט און טרערען האבען עפעס ווי דורך א נס זיי גראדע פערהארטעוועט, פערוואנדעלט אין שטאל און אייזען, פון וועלכע דאס יודישע פאלק האט געשמידט זיינע כלי־זיין, יענע וואונדערבארע כלי־זיין, מיט וועלכע עס האט מלחמה געהאלטען פאר דעם קיום האומה, פאר דער נאציאנאלער עקזיסטענץ. דער תלמוד איז געווארען די פעסטונג, וואו דער יוד האט זיך פערבארגען, בעהאלטען פון זיינע שונאים; הינטער זיינע דיקע מויערען, וועלכע האבען איהם אבגעצאמט פון דער ארומיגער וועלט, האט דער יוד זיך געפיהלט זיכער, געשיצט. הינטער דיעזען גייסטיגען כינעזישען מויער האט דאס יודישע פאלק זיך געשאפען אן אייגענע וועלט, וואו עס האט געהאפט, געחלומט און געליטען — געליטען, ניט פיהלענדיג די ליידען.

* *

*

איז דאס יודישע פאלק געווען גערעכט, וואס עס האט אזוי שטארק און מיט אזוי פיעל שווערע קרבנות אבגעהיט דעם תלמוד? האט עס דער תלמוד פערדיענט, איז ער ווערטה דיעזע אלע שוידערליכע אפפער? וואלט ניט געווען בעסער פאר דעם יודישען פאלק, פאר דער גאנצער מענשהייט, ווען די יודען וואלטען ניט מיט אזא מורא׳דיגער גבורה פערטיידיגט דיזען משונה׳דיגען בנין, וועלכען מיר רופען תלמוד? דיזע אלע שאלות קען נאר פרעגען אזא איינער, וועלכער האט פשוט קיין ידיעה ניט וועגען געשיכטע אין אלגעמיין.

אין לעבען פון פעלקער, ווי אין לעבען פון דעם איינצעלנעם, קען מען איבערהויפט קיין שאלות און קיין קשיות ניט פרעגען. מענשען לעבען, ווייל זיי האבען א לעבענס־טריעב, ווייל, ווי דער תלמוד דריקט זיך אויס, „בעל כרחך אתה חי". זיי לעבען אהן שום טעאריען און חשבונות, אהן שום פון פאראויס בעשטימטע ציעלען און תכליתים; קיינער לעבט ניט פאר קיינעמס וועגען — דאס לעבען איז נאר א פאקט. און מענשען פיהרען זיך אויף אזוי און ניט אנדערש, ווייל נאר אויף אזא אופן און ניט

קיין אנדערען קענען זיי זיך בעסער צופאסען צום לעבען, צו דער סביבה, אין וועלכער זיי לעבען, צו דער ארומיגער נאטור, אין וועלכער זיי געפינען זיך, צו די אלע טויזענדער גרעסערע און קלענערע אומשטענדען, מיט וועלכע זיי מוזען קומען אין צוזאמענשטויס. מענשען לעבען אזוי, ווי זיי קענען אמבעסטען גובה זיין אין דער מלחמה פאר דעם קיום, אין דעם קאמפף אומ'ס דאזיין.

און דאס זעלבע איז אויך מיט פעלקער. יעדעס פאלק האט מלחמה פאר זיין נאציאנאלען קיום, ניט ווייל עס האט אין דער ווירקליכקייט וועלכע ציעלען אדער תכליתים, ניט ווייל די „השגחה העליונה" האט איהם געגעבען א בעשטימטע מיסיאן צווישען די איבריגע פעלקער, ניט ווייל עס איז אין דער ווירקליכקייט אן „אתה בחרתנו"-פאלק, נאר גאר פשוט ווייל עס וויל לעבען, ווייל, „בעל כרחך אתה חי". און, ווייל עס לעבט, וויל עס און מוז וועלען לעבען דוקא זיין אינדיווידועלען נאציאנאלען לעבען, ווי עס פאסט זיך פאר איהם אם בעסטען, וואו זיין נאציאנאלער „איך" איז אם שטארקסטען בולט.

און ווייל עס וויל לעבען און דוקא אזוי לעבען ווי עס פאסט זיך פאר איהם אונטער די געגעבענע אומשטענדען אם בעסטען, זוכט עס אויך תכליתים, פאנגט עס אויך אן צו זוכען מיסיאנען אין זיין לעבען, געפינט אידעאלען און ווערט דאן ביי זיך אין די אויגען אן „אתה בחרתנו"-פאלק — אין אנדערע ווערטער, עס זוכט אן אינהאלט צו זיין לעבען. דא קומט אריין דער ריין מענשליכער עלעמענט, וואו דער מענש זוכט אריינצוטראגען זיינע מענשליכע בעגריפע און מחשבות אין דער אויסערער נאטור; דאס איז דאס, וואס עס ווערט אנגערופען דער אנטראפאמארפיזם.

לאכען פון דעם „אתה בחרתנו'יזם" פון וועלכען פאלק, הייסט פשוט ניט פערשטעהן די בעדייטונג דערפון. יעדער יחיד איז ביי זיך אין די אויגען א תקיף, א גאנצער מאכער, ווייל דאס ליעגט אין דער טבע פון דעם „איך"; און וואס מעהר ענטוויקעלטער ער איז, אלץ מעהר זוכט ער אן אינהאלט צו זיין לעבען, ער פרובירט געפינען די בעדייטונג פון זיין לעבען און ער ארבייט זיך אויס אן אידעאל. דיעזער אידעאל ליעגט אבער בשום אופן ניט אין דער אויסערער וועלט. „לא בשמים היא", דאס איז ניט אין הימעל, פון וועמען עס איז בעשאפען געווארען משׁשת ימי בראשית אלס אן אבסאלוטער אמת: דאס איז א פראדוקט פון דאס ריין מענשליכע אין לעבען, פון דער נייגונג אין דעם מענשליכען שכל אריבער-

צוטראָגען זײנע מענשליכע בעגריפען אין דער נאַטור, זוכענדיג תכליתים און כונות דאָרטען וואו זיי זענען גאָר ניטאָ; זוכענדיג אַן אינהאַלט צום לעבען, ווען עס איז אין דער אמת'ן גאָר ניט מחויב צו האָבען אַן אינהאַלט, ווען עס איז אין תוך אינ־האַלטסלאָז.

און אַזוי ווי די מענשליכע בעגריפע און מחשבות האַלטען זיך אין איין ענדערן און בייטען — דורך גאַנץ נאַטירליכע אומשטענדען — און אַזוי ווי די סומע פון מענשליכען וויסען און פערשטעהן ווערט אַלץ מעהר דורך די טויזענד־יעהריגע ערפאַהרונג, מוזען זיך דאַרום נויטווענדיגערווייזע אויך בייטען און ענדערן די בעשטימטע פאָרמען פון די מענשליכע שטרע־בונגען און אידעאַלען. און אַזוי קומט עס וואָס די אידעאַלען פון נעכטען ווערען פערשפּאָטעט און פערוואָרפען הײנט, און די הײנטיגע וועלען פּונקט אַזוי פערשפּאָטעט ווערען מאָרגען. די מענשהײט האַלט אין איין בויען און אין איין פערניכטען טעמפּלען; זי מאַכט חרוב די טעמפּלען פון נעכטען און בויט אויף זייער אָרט נײע, וועלכע וועלען שפּעטער אין זייער צײט אויך פערניכטעט ווערען. געטער ווערען צובראָכען און גע־טער ווערען געשאַפען, אַזוי איז עס געווען, אַזוי איז עס און אַזוי וועט עס מסתמא זײן עד סוף כל הדורות, ביז וואַנען מענשען וועלען בלייבען נאָר מענשען און וועלען דאָך וועלען זײן געטער.

יעדעס געזונדטעס פאָלק, פּונקט ווי יעדער געזונדטער יחיד, ווען עס קומט אויף אַ געוויסע מדרגה פון קולטור, פאַנגט עס אָן צו זוכען אַן אינהאַלט צום לעבען, אַ מיסיאָן, אַ אידעאַל. ס'איז נאַריש, אמת, אָבער ס'איז מענשליך. און יעדעס פאָלק געפינט זיך זײן מיסיאָן, זײן כלומרשט־דיגע שליחות אויף דער וועלט; יעדע פון זיי מיינט, אַז עס איז בעשאַפען געוואָרען מיט אַ צוועק צו פערשפּרייטען זײן קולטור אויף דער גאַנצער מענשהײט. יעדעס פאָלק איז ביי זיך אין די אויגען אַן „אתה בחרתנו"־פאָלק. אַזוי איז דאָס ענגלישע פאָלק, דאָס דײטשע, פראַנצויזישע, דאָס רוסישע און אַזוי ווײטער, און אַזוי איז אויך דאָס יודישע. דער „אתה בחרתנו'יזם" איז ניט נאָר אַ יודישע אייגענשאַפט, ער איז דאָ ביי אַלע פעלקער — עס איז אַ ריין מענשליכער כאַראַקטערצוג. די פאָרם, אין וועלכער ער דריקט זיך אויס, האָט זיך געביטען און האַלט זיך אין איין בײטען. אָבער דער עצם בלײבט און מוז בלײבען, כל זמן עס בלײבען פעלקער, כל זמן עס זענען דאָ נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעטען, וועלכע ווילען לעבען אַלס אַזעלכע.

דער אתה בחרתנו־יזם איז לעכערליך? מעגליך, אָבער דאַן איז דאָס גאַנצע מענשליכע אין לעבען לעכערליך, דאַן איז דאָס מענשליכע שטרעבען צו אידעאַלען איבערהויפּט לעכערליך, וואָרום דער אתה בחרתנו־יזם פון אַ פאָלק, גאַנץ גלייך אין וועלכער פאָרם ער דריקט זיך אויס אין אַ געוויסע צייט, איז אין תוך גענומען ניט עטוואָס אַנדערעס, אַלס דער תירוץ אויף די שאלה, וואָס לאָזט ניט רוהען די פאָלקס־נשמה — צו געפינען אַן אינהאַלט אין לעבען.



ניט צי איז דער תלמוד ווערטה די אַלע קרבנות, וואָס דאָס יודישע פאָלק האָט געבראַכט פון זיינעטוועגען, דאַרף דאַרום זיין די שאלה. דיעזע שאלה מוז פערענטפערט ווערען מיט אַ גרויסען „יאָ“. דאָס יודישע פאָלק האָט אין דער מלחמה פאַר דעם קיום האומה אינסטינקטיוו געטהון דאָס, וואָס עס איז געווען פאַר איהם אַם בעסטען דיעזען קיום צו ערהאַלטען. פון דעם נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקען, האָבען זיך, הייסט עס, די דאָזיגע אַלע רדיפות און ענוים געלוינט אַבי די נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט זאָל ניט פערניכטעט ווערען, זאָל זיך ניט צומישען און פערשווינדען אין די אַרומיגע פעלקער. אין אַנדערע ווערטער, אום צו זיין קלערער: אין דעם אינסטינקטיווען שטרעבען פון דעם יודישען פאָלק צו ערהאַלטען זיין „איך“ האָבען די עזע אַלע קרבנות געמוזט זיין אַלס פאָלגען פון אורזאַכען. די פראַגע דאַרף געשטעלט ווערען: וואָס אַזוינס געפינט זיך אין תלמוד, אַז עס האָט בייגעטראָגען דערצו, וואָס דאָס יודישע פאָלק זאָל קענען מנצח זיין אין דיעזער שרעקליכער מלחמה? אין וואָס ליעגט די גבורה פון תלמוד, זיין שטאַרקייט, אַז ער האָט געקענט דיענען און האָט לאַנגע יאָהר־הונדערטע געדיענט אַלס אַן אונבעזיעגבאַרע פעסטונג פון דעם יודישען פאָלק?

אום דיעזע פראַגען צו פערענטפערען, מוז מען זיך נעהנטער בעקענען מיט דעם געבוי און אינהאַלט, מיט דער ענטשטעהונג און דער ענטוויקלונג פון דיעזער מערקווירדיגער ענציקלאָפּעדיע, איינע פון די ערשטע ענציקלאָפּעדיען אין דער אַלגעמיין־מענשליכער ליטעראַטור.



ביז איצטער, ד. ה., ביז די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאהרען, איז דער תלמוד, אין אלגעמיין רעדענדיג, בעטראכט געווארען פון צוויי פערשיעדענע, אינגאנצען געגענגעזעצטע שטאנדפונקטען, וועלכע זענען ביידע צוגלייך געוועזען פאלש. דער ערשטער איז געוועזען: דער ארטאדאקסיש-רעליגיעזער שטאנדפונקט; דער צווייטער: דער אפיקורסיש פריידענקערישער.

די ערשטע זענען ארויס פון דעם שטאנדפונקט, אז דער גאנצער תלמוד מיט אלע זיינע מפרשים, און די מפרשים צו די מפרשים, און אפילו „כל מה שתלמיד ותיק עתיד להדש" — איז שוין געגעבען געווארען צו משה'ן פון בארג סיני; אז אלעס איז דארום הייליג און טהייער און עס קען דערפון גאר ניט געענדערט ווערען. דער תלמוד איז קדשי קדשים און ער ענטהאלט אין זיך אלעס וואס דער מענשליכער שכל קען און דארף וויסען, מען דארף נאר וויסען ווי אזוי עס דארטען צו געפינען. דיעזע מענשען האבען דורות לאנג געלעבט מיט די בעגריפען פון לאנג פערשטארבענע צייטען, ניט פיהלענדיג און ניט וויסענדיג אז זיי בלאנדזשען אייגענטליך ארום אויף א עולם התהו, אויף א וועלט וואס בעלאנגט ניט צו זיי.

ניט וועניגער פאלש און נאריש איז אבער דער אנדערער עקסטרעם, די מיינונג פון די זאגענאנטע אפיקורסים און געשווארענע פריידענקער. זיי האבען פון זייער זייט פערשריען דעם תלמוד אלס א ווערק וואס ענטהאלט אין זיך אלדאס בייז, וואס איז פיל מיט אלע ווילדקייטען און נארישקייטען, מיט אבערגלויבען, כשוף און בבא מעשיות; אלס א ווערק, וועלכעס איז טאקע באמת א מצוה גדולה צו פערברענען. די הכמי התלמוד האבען זיי בעטראכט אלס פערברעכער, שווינדלער און בעטריגער, וועלכע האבען דיעזע אלע בבא-מעשיות אויסגעטראכט, כדי צו פערדומען דעם עולם און דורך דעם איהם צו קענען פערשקלאפען. לויט זייער מיינונג האבען די הכמי התלמוד זיך נאר עוסק געוועזען אין געפינען וועגען און מיטלען צו מאכען דעם עולם אלץ נארישער און נארישער, כדי איהם צו קענען בעהערשען. דיעזע קלאסע „פריידענקער" איז בכלל מיט דער מיינונג, אז רעליגיאן, אלע רעליגיאנען, איז נאר שווינדעל און בעטרוג, אויסגעטראכט פון הרטומים, גלחים און רבנים. דיעזע ארימע פריידענקער האבען געהאלטען אין איין בעשולדיגען און בעשמוצען די מענשען פון די לאנג-פערשטארבענע דורות נאר דערפאר, ווייל זיי, יענע מענשען, האבען געהאט אנדערע בעגריפע און מחשבות, אנדערע מיינונגען און אנזיכטען,

זוי דאָס האָבען דיזע אפּיקורסים גופא, וועלכע לעבען אין גאַנץ אַנ־דערע צייטען, אונטער גאַנץ אַנדערע אומשטענדען.

צווישען דיזע ביידע עקסטרעמע אַנזיכטען איבער דעם תלמוד, האָט זיך אויך געפונען אַ כתה, אַ טייל פון די „משכילים", וועלכע האָבען, אמת, שוין גאַנץ גוט איינגעזעהען, אַז די „חכמות" פון דעם תלמוד זענען נאָך ניט דאָס לעצטע וואָרט אין דער וויסענשאַפט און פּי־לאָזאָפיע, אָבער אין דער זעלבער צייט האָבען זיי געפּרובירט פערענטפערן די נאַרישקייטען, וועלכע געפינען זיך דאָרטען, אויף אַזאַ וועג, אַז זיי זאָלען זיך צופּאַסען צו די חכמות פון די היינטיגע צייטען. דאָס זענען די כלומרשט'דיגע ראַציאָנאַליסטען.

דיזע מענשען האָבען געטהון איין קליינינקייט: זיי האָבען אַריינגע־לעגט אין די מיילער און אין די מחות פון די לאַנג־פערשטאָרבענע אַזעלכע בעגריפע און געדאַנקען, וועלכע יענע האָבען גאָר בשום אופן ניט געקענט האָבען, ניט האָבענדיג דערצו דאָס נויטיגע וויסען. אַזוי, צום ביישפּיעל, האָבען זיך געפונען אַזעלכע „חכמים", וועלכע האָבען זיך ניט געשעהמט צו בעהויפּטען, אַז דאָס וואָס עס געפינט זיך אין תלמוד, דאָס דער גאַנצער הלל איז פול מיט מזיקין, האָט מען עס געמיינט די מיקראָבען, יענע קליינע מזיקים, וועלכע פילען אָן די גאַנצע לופט און זענען די אורזאַכע פון אַלע עפּידעמישע קראַנקהייטען. אַי וואָס די גאַנצע מעשה מיט די מיקראָבען איז ערשט אַנ'ענטדעקונג פון דער נייסטער וויסענשאַפט, און אַז יענע מענשען האָבען דאָך דערפון ניט געקענט וויסען — בלייבט אַ קשיא! דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגען וועגען די דינים פון טומאה וטהרה אין ביבעל און אין תלמוד, וועלכע מאַנכע ווילען ערקלערען מיט די נייעסטע בעגריפע פון דער סאַניטאַציאָנס וויסענשאַפט.*) דער אמת איז אָבער, אַז יענע מענשען האָבען טאַקי געגלויבט אין פשוט'ע מזיקין, און אַז די דיני טומאה וטהרה זענען גאָר אין זייער אורשפּרונג אַרויס פון דעם „טאַבו" בעגריף, וועלכער איז געוועזען פערשפּרייט צווי־שען אַלע אַלטע באַרבאַרישע און האַלב־באַרבאַרישע פעלקער, און האָבען לכתחילה מיט דער סאַניטאַציאָן, ווי מיר פערשטעהען עס היינט, גאָר ניט געהאַט צו טהון.

נון, האָבען זיך אין די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהרען געפונען אַזעלכע מענשען, וועלכע האָבען געטוישען שטודירען דעם תלמוד פון אַ

*) די וויסענשאַפט, וואָס בעשעפטיגט זיך מיט הערהיטען פון קראַנקהייטען.

גאַנץ נייעם שטאַנדפּונקט — פון דעם קולטור־היסטאָרישען, זיי זענען ווייט פון דעם געדאַנק צו בעטראַכטען דעם תלמוד אַלס עטוואָס הייליגעס, אַלס עטוואָס, וואָס איז און דאַרף זיין מאַסגעבענד פאַר אַלע צייטען אויף דור דורות. אין דער הינזיכט זענען זיי גרעסערע אפּיקורסים ווי די אפּיקורסים גופא. אָבער אין דער זעלבער צייט פעהלט זיי דער פאַנאַטישער האַס און די ווילדע שנאה פון די אפּיקורסים, וועלכע מאַכט די לעצטע בלינד צו דעם אמת. דיעזע נייע פאָרשער וואַרפען ניט מיט שטיינער אויף די ארונות פון די פערגאַנגענע דורות, זיי שפּריצען ניט מיט גיפט און גאַל אויף זייערע קברים. זיי זוכען צו פערשטעהן יענע צייטען, צו בעגרייפען דעם געדאַנקענגאַנג פון יענע מענשען, אַריינטראַכטען זיך אין זייער וועלטעל.

קוים שטעלט זיך איינער אויף דעם קולטור־היסטאָרישען שטאַנדפּונקט, מוז ער גלייך איינזעהן, אַז „דור דור ודורשיו", אַז יעדער דור האָט זיינע געלערנטע, זיינע בעגריפען, זיין וועלט־אַנשויאונג. ער פערשטעהט גלייך, אַז מען קען ניט פאָדערן פון זיי, דאָס זיי זאָלען האָבען די זעלבע מיינונגען און געדאַנקען, די זעלבע שטרעבונגען און אידעאַלען וואָס די מענשען פון אַ פיעל שפּעטערע צייט, פון אַ צייט פון גאַנץ אַנדערע בעדינגונגען פון לעבען, האָבען אויסגעאַרבייט. און אויב יעמאַנד פאָדערט עס יאָ, און ווערט נאָך בייז דערפאַר, וואָס יענע מענשען האָבען אַנדערש געטראַכט, איז ער במהילה אַ נאַר און פשוט מעשה עם הארץ.

און קוים שטעלט מען זיך אויף דעם קולטור־היסטאָרישען באָדען, ווערען די אַלע בנינים פון די משכילים־ראַציאָנאַליסטען ממילא צופאַלען. מען דאַרף ניט פערענטפערן, מען דאַרף ניט מלמד זכות זיין אויף יענע מענשען דערמיט, וואָס מען לעגט אַריין פרעמדע כונות אין זייערע ווערטער; יענע מענשען זענען ניט געווען קיין נביאים און האָבען ניט געוואוסט און ניט געקענט וויסען דאָס, וואָס מיר ווייסען היינט. זיי האָבען דאַרום גאָר ניט געקענט מיינען און זאָגען, ווי מיר מיינען און זאָגען היינט. זיי האָבען געזאָגט דאָס, וואָס זיי האָבען געמיינט, דאָס וואָס זיי האָבען געטראַכט, און אויב זיי האָבען ניט געמיינט און ניט געטראַכט דאָס וואָס מיר טהוען, איז עס פשוט דערפאַר ווייל זיי האָבען געלעבט אין אַנדערע צייטען, אונטער אַנדערע אומשטענדען, און האָבען בעסער ניט געוואוסט.

דאָס איז דער איינציגער, היסטאָריש ריכטיגער שטאַנדפּונקט פון וועלכען דער תלמוד, פונקט ווי אירגענד וועלכער אַנדערער וויכטיגער בוך, פונקט ווי אירגענד וועלכע אַנדערע וויכטיגע ערשיינונג אין דעם

לעבען פון א פערגאנגענער צייט, קען, דארף און מוז געשטודירט ווערען. מען דארף ניט לעבען מיט יענעם שטאנדפונקט, אבער מען דארף אויך ניט ארויסצווינגען אויף זיי אונזער אייגענעם קוק. דאס איז דער איינציגער וועג, וועלכער וועט זיין אי אמת, אי ערליך, אי גערעכט צום תלמוד.

און אזוי שנעל ווי מען שטעלט זיך אויף דיעזען היסטארישען שטאנדפונקט, מוז מען גלייך נעהמען אין אנבעטראכט די פאלגענדע וויכטיגע פאקטען:

1) אז דער תלמוד איז ניט איין ווערק וואס איז פערפאסט געווארען פון איין מחבר, וועלכער בעהאנדעלט איין בעשטימטען ענין, זאנדערן, אז ער איז א גאנצע זאמלונג פון פיעלע ווערקע, וועלכע זענען געשריבען געווארען פון פיעלע מענשען, וועלכע בעהאנדלען פיעלע און פערשיעדענע ענינים, און אז מען מוז און מען דארף דארום דארטען ניט זוכען איין גאנצקייט ובפרט

2) אז דיעזע אלע שרייבער און מחברים האבען ניט געלעבט אין איין צייט, אונטער איינע און דיזעלבע אומשטענדען; אז דיעזע אלע ווערקע זענען געשריבען געווארען אין פערלויף פון פיעלע יאהרהונדערטע, אונטער דעם איינפלוס פון פערשיעדענע פאליטישע און סאציאלע אומגעבונגען. אזוי, למשל, זענען מאנכע פון זיי געשריבען געווארען אונטער דער הערשאפט פון די גריכען; אנדערע ווידער אין דער צייט, ווען דאס יודישע פאלק האט געהאט מעהר אדער ווייניגער פאליטישע זעלבסטשטענדיגקייט; מאנכע אונטער דעם דריקענדען יאך פון די רוימער, און אנדערע ווידער, אלס פאלעמיק געגען די נייע יודישע סעקטע — די קריסטען; מאנכע אין דער צייט פון דעם שרעקליכען חורבן, ווען די גאנצע יודישע אומה איז געווען אין געפאהר פערניכטעט צו ווערען, און אנדערע ווידער שוין נאכ'ן חורבן, ווען דאס יודישע פאלק האט אנגעפאנגען זיין גלות-לעבען צווישען די פעלקער. עס איז אויך קלאר, אז דיעזע אלע ענדערונגען האבען אויף פערשיעדענע אופנים געווירקט אויף די נשמות, אויף די געמיטהער פון די שרייבער אפילו פון איינעם און דעמזעלבען דור, און זיי האבען עס אויך אויף פערשיעדענע וועגען אויסגעדריקט.

3) אז דער לשון פון דעם תלמוד איז ניט איינער און דער זעלבער: איין טייל פון איהם, דער וויכטיגסטער טייל — די משנה, איז געשריבען אויף א מעהר אדער ווייניגער ריינעם לשון קודש, וועהרענד די גמרא, אדער דער פירוש אויף דער משנה, איז געשריבען אויף אראמיש-כאלדייאישען דיאלעקט, די דאמאלסדיגע יודישע פאלקס-שפראך. פיעלע פון

די אידיאָמען פון יענער שפּראַך זענען אונז ניט אינגאַנצען קלאָר און דאַרום זענען אונז פילע פון זייערע מאמרים און שפּריכווערטער ניט פערשטענדליך.

4) אַז אין יענער צײַט איז רעליגיאָן געווען ניט נאָר אַ טהייל פון געזעלשאַפטליכען לעבען, זאָנדערן ענג צוזאַמענגעבונדען, אָרגאַניש צוזאַמענגעוואַקסען מיט איהם, אַזוי, דאָס מען קען איינס פון דאָס אַנדערע ניט אָבטהיילען. דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען, אַלערליי מעגליכע ציוויל-געזעצען, וועגען די פערהעלטניסע פון מענשען צו מענשען און דיני נפשות און אין דיני ממונות, די שייכות פון דעם מאַן צו דער פרוי, זײַנע פע[ר]פליכטונגען צו איהר און די קינדער, די חובות פון דער פרוי צום מאַן א. ד. גל. אַלעס דאָס האָט געקראָגען אַ רעליגיעזע פאַרבונג, אָבוואָהל עס האָט מיט דער רעליגיאָן גופא גאָר קיין דירעקטען צוזאַמענהאַנג ניט געהאַט.

5) אַז דער תלמוד, זײַענדיג אַ פּראָדוקט פון יענער צײַט, טראָגט דאַרום אויך דעם זעלבען כאַראַקטער, וועהרענד אין דער אמת'ן גיט זיך דער תלמוד אָב פערהעלטניסמעסיג פיעל מעהר מיט אַלגעמיין וועלט-ליכע ענינים, מיט דעם געזעלשאַפטליכען לעבען בכלל, אַלס מיט ריין רעליגיעזע פראַגען. דער תלמוד איז פריהער פאַר אַלץ אַ פּראַקטישער, טרוקענער געזעץ-בוך, וועלכער בעהאַנדעלט אַלע מעגליכע און אונמעגליכע פראַגען פון געזעץ אין אַלע זײַנע צווייגען און גיט זיך ניט אָב מיט קיינע ספּעקולאַטיווע, ריין פילאָזאָפישע אָדער רעליגיעזע פּראָבלעמען. עס איז מערקווירדיג, אַז אין דער גאַנצער משנה, ווי געזאָגט—דער וויכטיגסטער טהייל פון תלמוד, געפינט זיך כמעט גאָר ניט וועגען דיעזע פראַגען. פערקעהרט, די משנה פערבאָט זיך צו בעשעפטיגען מיט אַזעלכע ענינים און זי פסק'נט, אַז אין די ענינים, וואָס זענען נוגע צו דער פראַגע: ווי אַזוי איז די וועלט בעשאַפען געוואָרען? — טאָר מען זאַלבעצוויי נישט עוסק זײַן, און אין די ענינים, וואָס זענען נוגע צום עצם, צום מהות פון גאָט — אפילו איינער אַליין אויך נישט („אין דורשין במעשה בראשית בשנים ולא במרכבה ביחיד" (חגיגה, דף י"א). עטוואָס וועגען דיעזע פראַגען געפינט זיך אין דער „אגדה", וועלכע דער רעדאַקטאָר פון דער משנה, רבי יהודה הקדוש, האָט אָבער אינגאַנצען איגנאָרירט אין דעם צוזאַמענשטעלען פון זײַן ווערק, וואָס האָט זיך בעשעפטיגט נאָר מיט'ן געזעץ. און דאָס פיהרט אונז צו נאָך אַ וויכטיגען פונקט.

6) אויסער די „הלכות" אָדער פראַגען פון געזעץ געפינט זיך אויך

אין תלמוד (אין דער גמרא, ניט אין דער משנה) אַ חלק פֿון „אגדות“ אָדער „הגדות“. דיזע אגדות האָבען להלוטין גאָר נישט צו טהון מיט די „הלכות“. דאָס זענען פֿערשידענע פֿאָלקס־מעשה׳לעך, פּראָדוקטען פֿון דער פֿאָלקס־פּאָעזיע; צובראָכענע שטיקלעך פֿון געשיכטע, ווי די פּאַסירונגען האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אין דער פֿאָלקס־נשמה און פֿאַנטאַזיע; פֿערשידענע משלי־חכמים, עפּיגראַמען, וואָס פֿערשידענע געלעהרטע האָבען אָנגעשריבען אין פֿערשידענע צייטען, וועלכע האָבען ענטהאַלטען אַ מוסר השכל, עטהישע אָדער עסטעטישע לעהרען; קינות אויף דעם חורבן פֿון דער אומה און איבערנאַטירליכע פֿאַנטאַסטישע האָפֿנונגען וועגען די ערוואַרטעטע גליקליכע צוקונפֿט פֿון דעם אויסערוועהלטען פֿאָלק ישראל. דאָ און דאָרט געפֿינען זיך אויך קורצע אָבהאַנדלונגען וועגען ריין ספּעקולאַטיווע פֿראַגען, ווי די שייכות פֿון גאָט צו דעם מענשען און וועגען דעם כאַראַקטער פֿון גאָט, די פֿראַגע פֿון ידיעה און בחירה, די פֿראַגע פֿון שכר ועונש און פֿון אַ לעבען נאָכ׳ן טויט, תחית המתים און משיח א. ד. ג. אין דיזען אוצר פֿון פֿאָלקס־פּאָעזיע, צווישען דיזע פֿיעלע פּערל האָבען זיך אַריינגעהאַפּט פֿיעלע נאַרישע, גראָבע, מגושמ׳דיגע מעשיות וועגען שדים און רוחות, כשוף און אַנדערע אַבערגלויבערייַ; משוגע׳דיגע גוזמאות, איבערטריבענע מליצות, פֿערשידענע ווילדע דרשות פֿון בעלי דרשנים און זאָגאַר נבול פּה. אָבער אין דעם זענען ניכער שולדיג די רעדאַקטאָרען פֿון תלמוד.

7) די לעצטע רעדאַקטאָרען פֿון תלמוד, רבינא ורב אשי, האָבען פֿערשטאַנען די גרויסע היסטאָרישע אויפֿגאַבע וואָס זיי האָבען געהאַט פֿאַר זיך, אַנדערש ווי מיר איצטער. זייער קוק אויפֿ׳ן תלמוד איז געווען דער אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזער. דער גרויסער כבוד וואָס זיי האָבען געפֿיהלט צו די אַלטע, די קדושה מיט וועלכע זיי האָבען בעטראַכט יעדען קונטרס, יעדעם פֿערשריבענע וואָרט פֿון זייערע פֿאָרגענגער האָט געבראַכט דערצו, וואָס זיי האָבען אין תלמוד אַריינגעשטעלט אַלעס, וואָס זיי האָבען געפֿונען, פֿיעלעס, וואָס אַנדערע בעסערע רעדאַקטאָרען וואָלטען אַרויסגעלאָזען. זייער ליעבע צו אַלע אַלטע קונטרסים האָט צווישען די איבריגע אויך געבראַכט דערצו, וואָס זיי האָבען צוריק אַריינגענומען אין תלמוד די אַלע „ברייתות“, וואָס דער פֿיעל בעסערער רעדאַקטאָר, ר׳ יהודה הקדוש, האָט אַרויסגעלאָזען פֿון זיין „משנה“. דערמיט האָבען זיי צושטערט זיין כונה צו געבען דעם יודישען פֿאָלק אַ משנה ברורה — אַ קלאָרע געזעצגעבונג. ס׳איז אויך די שולד פֿון די רעדאַקטאָרען, וואָס דיזע אַלע ענינים זענען

צומישט אהן א שום סדר, אדער, בעסער געזאגט, אין זייער דאמאלסדיגען אריענטאלען סדר.

וואס אנבעלאנגט צו די „אגדות" איז די מיינונג פון מאנכע פארשער, אז פיעלע פון זיי, אויב ניט אלע, זענען אריינגעשטעלט געווארען אין תלמוד שוין נאך זיין התימה, אין א שפעטערדיגע צייט אלס רבינא און רב אשי.

* * *

האבענדיג דיעזע אלע אויבען־אויסגערעכענטע פונקטען אין זינען, קען מען ערשט דאן צוטרעטען צום שטודיום פון תלמוד.

# I.

## תורה שבעל פה און תורה שבכתב:

„תורה שבעל פה" הייסט מינדליכע לעהרע, א געזעצגעבונג וועלכע ווערט איבערגעגעבען פון מויל צו מויל, אהנע צו ווערען פערשריבען. אונטער דיעזען נאמען קומען אריין אלע יענע דינים און מנהגים, תקנות און גזרות, וואס זענען אנגענומען געווארען פון יודישען פאלק און געפינען זיך אבער ניט אין דער תורת משה, וועלכע הייסט „תורה שבכתב" — די געשריבענע תורה.

און אנגערופען ווערען זיי אזוי צוליעב צוויי טעמים: ערשטענס, וויל די יודישע הכמים האבען דאמאלס טאקע באמת געגלויבט, אז צוזאמען מיט דער געשריבענער תורה האט משה געקראגען אויפ'ן בארג סיני אויך ניט-געשריבענע געזעצען דאס ציעל פון, וועלכע איז גאנץ צו מאכען און ערפילען די ערשטע; און צווייטענס, דאס, וואס ווען די תורה שבכתב איז געשריבען געווארען אויף אלע מאל, לדור דורות, און טאר דארום בשום אופן ניט געענדערט ווערן טראגען דאגעגען די מינדליכע געזעצען נאר א צייט-ליכען כאראקטער, וועלכע קענען געענדערט ווערען. און וויל דיעזע „תורה שבעל פה" האט נאר א צייטליכע בעדייטונג, טאר זי ניט פערשריבען ווערען, זי מוז אלע מאל בלייבען מינדליך: „דברים שבעל פה אי אתה רשאים לאמרם בכתב", כדי זי זאל ניט פעראייביגט ווערען. (מורה נבוכי הזמן, שער י"ג).

פון וואנען האט זיך דיעזער גלויבען אין א „תורה שבעל פה" גענומען ביים יודישען פאלק? איז די גאנצע מעשה דורכאויס שקר, אדער אפשר ליגט דא ערגעץ וואו א קערנדעל אמת? און אויב דא געפינט זיך א טהייל פון אמת, אין וואס אייגענטליך בעשטעהט ער? די פראגע דארף ריכטיג פערשטאנען ווערען: די שאלה איז ניט אויב משה רבינו האט ווירקליך צוזאמען מיט דער תורה שבכתב געקראגען אויפ'ן בארג סיני אויך די תורה שבעל פה. די פראגע איז: האבען די יודען געהאט א „תורה

שבעל פה" צוזאַמען מיט דער תורה שבכתב און זאָגאַר נאָך פאַר איהר, אָדער די גאַנצע מעשה איז נאָר אויסגעטראַכט פון די פאָלקס-פערדומער" און „פאָלקס-שווינדלער", ווי אונזערע „פריי-דענקער" האָבען זיך ליעב אויסצודריקען.

ווען מיר זאָלען זיך ערנסט און אונפּאַרטייאיש אַיינטראַכטען אין דיעזער פראַגע, וועלען מיר אונפערמיידליך מוזען קומען צום שלוס, אַז אַ תורה שבעל פה האָט ווירקליך עקזיסטירט, אַ טהייל דערפון נאָך פריהער ווי די תורה שבכתב.

אין דער ענטוויקלונג פון געזעץ אין דער מענשליכער געזעלשאַפט איז דער געשריבענער געזעץ פערהעלטניסמעסיג אַ גאַנץ שפּעטע ערשיינונג.

די פּרימיטיווע געזעלשאַפט האָט ניט קיינע געשריבענע געזעצע. אין יענער געזעלשאַפט ווערען אַלע בעציהונגען צווישען איהרע מיטגליעדער רעגולירט און רעגיערט הויפּטזעכליך דורך די טראַדיציאָנען, די מנהגים און די בעגריפע, וואָס זיי האָבען בעקומען בירושה פון זייערע עלטערן, פון די פריהערדיגע דורות. אמת, דער עלטסטער פון דער משפחה האָט צו זאָגען איבער דעם לעבען און טויט פון אַלע פאַמיליען-מיטגליעדער; אמת, זיין וואָרט און ווילען איז די לעצטע דיסטאַנץ, אָבער ער גופא ווערט בעאַיינפלוסט אין זיין אויפפיהרונג, אין זיינע פסקים און אין זיין ווילען פון דער אויפפיהרונג פון די פערשטאָרבענע טאַטעס. דאָס זענען די ערשטע סמנים פון געזעץ, פון ניט-געשריבענעם געזעץ, אין דער מענשליכער געזעלשאַפט.

דיעזע ניט-געשריבענע געזעצע זענען גלייך בינדענד פאַר אַלע מיטגליעדער פון דעם שבט אָדער פאַמיליע, ווייל זיי אַלע שטאַמען דאָך אָב פון די זעלבע טאַטעס. דערביי דאַרף מען ניט פערגעסען, אַז דער פּרימיטיווער מענש בעטראַכט זיינע עלטערן מיט רעליגיעזער מורא און דרך ארץ. דערמיט ווערט אויך ערקלערט די מערקווירדיגע ערשיינונג, וואָס אין יענעם צושטאַנד פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג ווערען אַלע געזעצען, אפילו אַזעלכע, וואָס האָבען אין עצם קיין ברעקעל שייכות ניט מיט רעליגיאָן, די ריין ציוויל- און קרימינאַל-געזעצען, ערקלערט פון געטליכער אָבשטאַמונג און קריעגען אַ רעליגיעזע פאַרבונג. די פערשטאָרבענע טאַטעס זענען געטער אָדער, לכל הפחות, געטליך, און דאַרום מוזען אויך זייערע מנהגים זיין געטליך. (ספּענסער, די פּרינציפּען פון סאָציאָלאָגיע, צווייטער באַנד, קאַפּיטעל פיערצעהן).

שפּעטער, ווען דער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזם וואַקסט אויס און ווערט דורך דעם מעהר קאָמפּליצירט; ווען די פערהעלטניסע אין דער גע-זעלשאַפט ווערען מעהר פערפּלאָנטערט; ווען פון דער משפחה ווערט אַ שבט, פון דעם שבט — אַ פאָלק; ווען די אַרט און ווייזע פון קריגען לעבענס-מיטעל ווערט געענדערט; ווען פון דעם יעגער ווערט אַ פּאַסטוך, פון דעם פּאַסטוך — אַ ערד-אַרבייטער און אַזוי ווייטער, ווערען געבאָרען, לויט די נייע בעדינגונגען און תנאים פון לעבען, נייע בעגריפע פון רעכט און אונרעכט, פון מיין און דיין — נייע ניט-געשריבענע געזעצע, וועלכע פּאַסען זיך בעסער פאַר די נייע אומשטענדען.

דיעזע נייע מנהגים זענען אָבער אין תוך גענומען ניט אינגאַנצען נייע. זיי זענען גיכער ענדערונגען, מאָדיפיצירונגען פון די אַלטע; זיי ווערען, אַזוי צו זאָגען, בעגרינדעט אויף די אַלטע יסודות, אין דעם גייסט פון דעם געגעבענעם פאָלק. מיט דעם אַריינטרעטען אין לעבען פון דיעזע נייע מנהגים ווערען די אַלטע בשום אופן ניט אינגאַנצען בטל; זיי שפּיעלען נאָך אַלץ אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. עס נעהמט אַ גאַנץ לאַנגע צייט ביז וואַנען די דאָזיגע פערעלטערטע מנהגים ווערען אינגאַנצען אָבגעשאַפט. אין דער ווירקליכקייט בלייבען זיי אַפילו נאָכדעם אויך; זיי פערליערען נאָר זייער אורשפּרינגליכע בעדייטונג און כונה, קריגענדיג אַ גאַנץ אַנדער מיין.

אַזוי געהט עס כסדר. עס ציהט זיך איין לאַנגע קייט פון ענטוויקלונג, איין רינג געשלאָסען און בעהעפט מיט דעם אַנדערען, ביז עס קומט אַ צייט ווען אַ טהייל פון דיעזע מנהגים און טראַדיציאָנעלע געזעצע ווערען פערשריבען. דאַן קריגען מיר צום ערשטען מאָל אַ „תורה שבכתב", אַ געשריבענע געזעצגעבונג. דער ניט-פערשריבענער טהייל פון יענע מנהגים בלייבט אָבער נאָך אַלץ אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און האָט גאַנץ אָפט מעהר בעדייטונג ווי די געשריבענע געזעצע, — דאָס איז די תורה שבעל פּה.

דער סך-הכל פון דעם אַלעם איז דיעזער: *אין דער ענטוויקלונג פון געזעץ אין דער מענשליכער געזעלשאַפט קומט פריהער די תורה שבעל* פּה; די תורה שבכתב איז אַ שפּעטערע ערשיינונג.

עס איז קלאָר, אַז ווען דער געזעצגעבער שרייבט זיינע געזעצע שטעהט ער שטענדיג אונטער דעם איינפלוס פון דער „תורה שבעל פּה", פון די מנהגים און טראַדיציאָנען פון זיין פאָלק, פאַר וועמען ער שרייבט זיין

„תורה שבכתב", שוין דערפאר אליין וואס ער גופא איז נאר א מענש פון זיין צייט און פון זיין פאלק. עס איז פונקט אויך אזוי קלאר, דאס ווען ער שרייבט זיינע געזעצע, שרייבט ער זיי נאר אין כללים, ווייל די פרטים, די איינצעלהייטען, זענען דאמאלס, אין זיין צייט, געווען בעוואוסט ביים פאלק. אין געוויסע פאלען וועט ער בעשטעטיגען יענע מנהגים; אין געוויסע פאלען בעקעמפפט ער זיי און אין אנדערע ווידער מאכט ער א פשרה, א קאמפראמיס, מיט דער טראדיציע וואס איז אנגענומען ביים עולם. אלע מאל אבער מוז ער האלטען אין אויג די „תורה שבעל פה" פון זיין פאלק.

דאס זעלבע האט אויך פאסירט מיט די יודישע שטאמען, פון וועלכע עס האט זיך שפעטער אויסגעבילדעט דאס יודישע פאלק. נאך לאנג, לאנג צוריק איידער די געזעצגעבונג, וועלכע איז אונז בעקאנט מיט דעם נאמען „תורת משה", איז געשריעבען געווארען, נאך לאנג פריהער האבען זיי שוין געהאט א תורה שבעל פה, לויט וועלכע זיי האבען זיך אויפגעפיהרט אין זייער געזעלשאפטליכען לעבען. דא איז ניט וויכטיג די פראגע, ווען די תורת משה איז געשריבען אדער רעדאקטירט געווארען, אדער ווער עס האט איהר געשריבען אדער רעדאקטירט — דאס האט מיט אונזער ענין לגמרי ניט צו טהון. וויכטיג איז נאר דער פאקט, אז די תורת משה איז געשריבען געווארען האבענדיג אין אויג די „תורה שבעל פה" פון יודישען פאלק. אין געוויסע פאלען מאכט דארום די תורת משה קאמפראמיסען מיט יענער תורה שבעל פה; אין געוויסע פאלען בעקעמפפט זי איהר און אין געוויסע פאלען בעשטעטיגט זי איהר.

מיר וועלען עס אילוסטרירען מיט ביישפיעלע:

די מצוה פון מילה, אז מען זאל יעדען זכר בעשניידען אויפ'ן אכטען טאג, איינע פון די וויכטיגסטע מצוות, האט עקזיסטירט ביים יודישען פאלק נאך פאר מתן תורה. תורת משה בעשטעטיגט נאר די מצוה, דערצעהלענדיג, אז צום ערשטען מאל איז אויף איהר פערזאגט געווארען אברהם, דער שטאמפאטער פון פאלק.

דער געזעץ וועגען „יבום", דאס הייסט, אז ווען א ברודער שטארבט אהן קינדער, דארף דער אנדערער ברודער חתונה האבען מיט דער אלמנה און די געבארענע קינדער דארפען זיך רופען אויפ'ן טויטענס נאמען, איז אויך געווען א מנהג ביי די יודישע שטאמען נאך פון גאנץ אלטע צייטען, ווי מען זעהט עס ארויס פון דער מעשה מיט יהודה'ס זוהן. דיעזער מנהג איז עטוואס געענדערט געווארען אין דער תורת משה. אין דער לעצטער דארף עס נאר טהון א לייבליכער ברודער, וועהרענד נאך דעם מנהג נאך

איז דער זעלבער חלק געלעגען אויך אויף די וויטערע קרובים פון דער פאמיליע, אין פאל ווען די נאהענטע קרובים ענטזאגען זיך, ווי מען קען עס ארויסזעהן פון דער מעשה מיט רות און בועז.

דער מנהג ניט צו עסען פון דעם „גיד הנשה" — פון וואנען עס האט זיך שפעטער, ווען מען האט ניט געוואוסט, וואס „גיד הנשה" מיינט, גענומען ביי יודען דער מנהג אינגאנצען ניט צו עסען דעם הינטערשטען חלק פון דעם קערפער פון א בהמה — האט עקזיסטירט פיעל פריהער איידער די תורה איז געשריבען געווארען. דער שרייבער פון דער תורה דערצעהלט נאר די מעשה, ווי אזוי דיעזער פערבאט איז ענטשטאנדען, און ענדיגט זיין ספור המעשה מיט די ווערטער: „על כן לא יאכלו בני ישראל את גיד הנשה" — דעריבער עסען ניט די קינדער פון ישראל דעם גיד הנשה.

די איינריכטונג פון גט'ן זיך איז געווען ביים יודישען פאלק פאר תורת משה, ווי מען קען עס לייכט ארויסזעהן פון דעם לשון אין דער תורה וועגען דיעזען ענין. די תורה זאגט ניט, אז א מאן מעג גט'ן זיין פרוי, ווייל דאס איז געווען א דבר ידוע. די תורה בעהויפטעט נאר, אז אויב א מאן וועט גט'ן זיין פרוי און זי האט התונה געהאט מיט אנאנדערען מאן, דאמאלס טאר דער ערשטער מאן מיט איהר צוריק ניט התונה האבען. דאס לעצטע, דאס הייסט, אז דער ערשטער מאן טאר מיט איהר צוריק ניט התונה האבען, איז אלעס וואס די תורה איז מוסיף צום אלטען מנהג. אזעלכע געזעצע, פון וועלכע עס איז צו זעהן, אז דער שרייבער פון דער תורה האט זיך פערלאזען אויף אלגעמיין-בעקאנטע און אנגענומענע מנהגים ביים פאלק, קען מען ברענגען אין די צעהנדליגע. (ווער עס אינטערעסירט זיך מיט דעם, קען עס געפינען אין „זרובבל", „דור דור ודורשיו" און „מורה נבוכי הזמן").

די אויבען-געבראכטע ביישפיעלע זענען אזעלכע, וואו די תורת משה בעשטעטיגט די אלטע מנהגים, מאכענדיג אין מאנכע פון זיי לייכטע ענדערונגען. אבער גאנץ אפט קומט אויס דער תורת משה צו בעקעמפפען די אלטע טראדיציאנען. אזוי, צום ביישפיעל, איז מיט דעם געזעץ, וועל־כער בעהויפטעט, אז „מעם מזבחי תקחנו למות", דאס הייסט, אויב איינער האט ערמארדעט א מענשען במזיד און ער בעהאלט זיך ביים מזבח, זאל מען איהם פון דארט אראבנעהמען און טוידטען. (שמות, כ"א, י"ד).

די כונה פון דיעזען געזעץ איז צו בעקעמפפען די אלטע טראדיציע. עס איז אנאלגעמיין בעקאנטער פאקט, אז ביי אלע אלטע סעמיטישע פעל־קער איז געווען א מנהג, אז א פערברעכער, און מעג ער אפילו זיין א

מערדער, קען זיך רעטען דערמיט וואס ער אנטלויפט אין טעמפעל, אין גאטעס הויז. דערמיט קומט ער אריין אין דעם רשות פון גאט, און די וועלטליכע מאכט האט מעהר איבער איהם ניט צו זאגען. (ראבערטסאן סמיטה, „די רעליגיאנען פון די סעמיטען", פיערטע לעקציע).

אויך ביי די יודען איז געוועזען דיזער מנהג. אין מלכים (מלכים א׳ א. נ.) ווערט זאגאר דערצעהלט א מעשה וועגען דעם. נאכדעם ווי שלמה איז ארויס דער זיגער אין זיין קאמפף מיט זיין ברודער אדוניהו וועגען דעם טהראן, איז דער לעצטער, אויס מורא פאר שלמה'ן, אנטלאפען „ויחזק בקרנות המזבח" — ער האט זיך בעפעסטיגט ביים מזבח: פון דארטען האט איהם אפילו דער קעניג ניט געקענט נעהמען מיט געוואלט. געגען דיזען מנהג איז ארויסגעטרעטען תורת משה, לערנענדיג, אז „מעם מזבחי תקחנו למות".

אין מאנכע ענינים ווידער שיינט די תורת משה איינצוגעהן אויף א פשרה, א קאמפראמיס, מיט דער אנגענומענער טראדיציאן, ווי צום ביישפיעל מיט די „ערי המקלט" (די ענטרינונגס-פלעצער). לויט תורת משה דארף דער, וואס האט געטויטעט א מענשען במזיד, בעשטראפט ווערען מיט'ן טויטע; אויב אבער דאס איז געטהון געווארען בשוגג, אונגערן, דארף ער אנטלויפען אין די בעשטימטע „ערי מקלט", וואו די „גואלי הדם" (די בלוט-רעכער) קענען איהם ניט פערפאלגען. דא זעהען מיר, דאס אבוואהל דער מערדער בשוגג ווערט פרינציפיעל ערקלערט פאר אונשולדיג, קען ער זיך דאך ניט שיצען פון דעם כעס פון די „גואלי הדם", סיידען ווען ער אנטלויפט אין די ערי מקלט. דאס איז געוועזען א פשרה מיט די אנזיכטען פון יענער צייט. אין יענער צייט, נעמליך, האט גאולת הדם (בלוט-ראכע) געשפיעלט א גרויסע ראלע ביי אלע אלטע פעלקער. אויף די קרובים פון דעם ערמארדעטען איז געלעגען א מין היילינער חוב „אויסצוגיסען" דאס פערגאסענע בלוט; עס איז געוועזען בעטראכט פאר א שאנדע פאר דער גאנצער משפחה פון דעם ערמארדעטען, ווען פאר זיין בלוט ווערט קיין נקמה ניט גענומען. אבשאפען אינגאנצען דיזע לאנג-איינגעווארצעלטע טראדיציע פון „גאולת הדם" האט די תורת משה, ווי עס ווייזט אויס, ניט געקענט, און זי האט זיך בעגנוגענט דערמיט, וואס זי האט געגרינדעט די ערי מקלט.

מען קען ברענגען פיעלע עהנליכע ביישפיעלע, אבער דיזע איינציגע זענען גענוג צו בעווייזען, אז ביי יודען איז געוועזען א תורה שבעל פה נאך לאנג צוריק איידער די תורת משה איז געשריבען געווארען, און אז

יענע תורה שבעל פה איז געווען דער יסוד, דער באזיס, פון דער תורה שבכתב. פערלאזענדיג זיך אויף דער תורה שבעל פה, אויף דער טראַדיציאָן, האָט דאַרום דער שרייבער פון דער תורה משה אַרויסגעלאָזען פיעלע פּרטים, וועלכע זענען דאַמאָלס געווען אַ דבר ידוע ביים עולם.

אַזוי, למשל, שטעהט געשריבען „והיו לטוטפות בין עיניך“ — און זיי זאָלען זיין צו „טוטפות“ צווישען דיינע אויגען. וואָס איז אַזעלכעס „טוטפות“? עס איז קלאָר, אַז די מענשען פון יענער צייט האָבען געוואוסט וואָס „טוטפות“ מיינט, און דערפאַר האָט דער שרייבער פון דער תורה ניט בעדאַרפט ערקלערען. שפּעטער אָבער האָט מען עס שוין ניט געוואוסט, און די קבלה, די טראַדיציע, זאָגט, אַז „טוטפות“ מיינט תפילין.

ווידער, אין דער תורה שטעהט געשריבען: „ועשו להם ציצית על כנפי בגדיהם לדורותם ונתנו על ציצית הכנף פתיל תכלת“, ד. ה., זיי זאָלען מאַכען ציצית אויף די בּרעגען פון זייערע קליידער, און זיי זאָלען אין די ציצית אַריינטהון אַ פאָדים פון תכלת. וואָס איז ציצית? ווי דאַרף מען זיי מאַכען? וויפיעל דאַרפען זיי זיין? ס'איז קלאָר, אַז די מענשען, פאַר וועמען די תורה איז געשריבען געוואָרען, האָבען דאָס אַלעס גוט געוואוסט. שפּעטער איז נויטיג געווען די טראַדיציע אום דיעזע פראַגען צו ערקלערען און בעשטימען. דער תלמוד זאָגט טאַקע דאַרום, אַז אין די מצוה פון ציצית איז נאָר דער עיקר פון דער תורה, — די פּרטים זענען מדרבנן.

נאָך אַ ביישפּיעל. אין דער תורה שטעהט: „ולקחתם לכם ביום הראשון פּרי עץ הדר“, ד. ה., „איהר זאָלט דעם ערשטען טאָג (פון סוכות) נעהמען אַ שענע בוים-פּרוכט“. וואָס איז אַזעלכעס אַ שענע בוים-פּרוכט? אפשר איז עס גאָר אַן עפּעל אָדער אַ ירגענד וועלכע אַנדערע בוים-פּרוכט? אויך אין דיעזען פאַל האָבען די מענשען פון דער צייט ווען די תורה איז געשריעבען געוואָרען זיכער געוואוסט וואָס דער אויס-דרוק „פּרי עץ הדר“ מיינט. שפּעטער איז געקומען די טראַדיציע און האָט געזאָגט, אַז דערמיט ווערט געמיינט אַן אתרוג.

* *
*

די תורה איז פערשריעבען געוואָרען און איז באַלד בעטראַכט געוואָרען אַלס הייליג. עס האָבען זיך אַרום איהר גענומען וועבען די אַלטע פאָלקס-לעגענדען פון די צייטען, ווען דאָס פאָלק האָט זיך נאָך

געפונען אין אַ נאָמאַדען־צושטאַנד. די תורה איז געגעבען געוואָרען פון גאָט אַליין צו משה׳ן, אַנ׳אַלטער לעגענדאַרער פאָלקס־העלד, אויפ׳ן באַרג סיני, אַ הייליגער באַרג אין דער מדבר נאָך פון דער צייט, ווען די יודען־בעדואינען האָבען אַרומגעוואַנדערט אין יענע געגענדען.

די תורה איז הייליג, געטליך; מען קאָן צו איהר גאָר ניט מוסיף זיין און מען טאָר פון איהר גאָר ניט אַראָבנעהמען. זי איז געטליך און קאָן דאַרום קיינמאָל ניט געענדערט ווערען. זי מוז זיין גוט אויף אַלע צייטען, אויף דור דורות. זי איז, אויסצודריקען זיך מיט אַ מאָדער־נעם וואָרט, אַנ׳אייביגע, אויף אימער־גילטענדע קאָנסטיטוציע.

דאָס לעבען געהט זיך אָבער זיין וועג. עס פערוואַרפט דאָס אַלטע און בויט נייע. עס ווערען געשאַפען נייע בעדינגונגען, נייע תנאים פון לעבען, וועלכע פאָדערען נייע געזעצען, נייע מנהגים און נייע תקנות. עס קומט פאָר אַ קאַמפף צווישען דער תורה און דעם לעבען, צווישען דער אַלטער קאָנסטיטוציע און די נייע בעדערפנישען. פון דיעזער מלחמה צווישען דעם לעבען און דער תורה, צווישען דעם טוידטען פערגליווערטען בוכשטאַב און דעם אימער זיך־בייטענדען לעבען, איז געבאָרען געוואָרען אַ נייע „תורה שבעל פה״, נייע מינדליכע, ניט פערשריבענע געזעצע, וועלכע האָבען, אמת, ניט געהאַט די הייליגקייט פון די געשריבענע געזעצען, אָבער וועלכע האָבען אין לעבען דאָך געשפּיעלט די גרעסטע ראָלע.

דיעזע „תורה שבעל פה״ איז שוין ניט יענע אַלטע „תורה שבעל פה״, וועגען וועלכער מיר האָבען גערעדט, וואָס האָט אַמאָל געהערשט ביים פאָלק און וואָס האָט שפּעטער געדיענט אַלס יסוד פאַר דער תורה שבכתב. דאָס איז שוין געווען גאָר אַ נייע „תורה שבעל פה״ און איז בע־שאַפען געוואָרען שוין נאָכדעם ווי די תורה איז פערשריבען געוואָרען.

אין דער ערשטער צייט, ווען די מורא פאַר דעם געשריבענעם וואָרט איז נאָך ניט געווען אַזוי גרויס, האָבען די דאַמאָלסדיגע יוריס־טען און געלעהרטע גאָר ניט געזוכט אַריינצופּשטעלען זייערע נייע תקנות אין די ווערטער פון דער געשריבענער תורה. זיי האָבען געאַרבייט מיט מעהר אָדער ווייניגער אונאַבהענגיגקייט; זיי האָבען איינגעפיהרט אַזעלכע „הלכות״ ווי עס האָט געפּאַסט פאַר זייער צייט, און ווען עס איז געווען נויטיג האָבען זיי זייערע תקנות געשטעלט העכער ווי דער תורה׳ס — „עשו חזוק לדבריהם יותר משל תורה״. זיי האָבען זיך געשטיצט אויף דער אויטאָריטעט וואָס די תורה גופא גיט זיי, אויף דעם וואָס די תורה לערנט: „על פי התורה אשר יורוך ועל המשפט אשר יאמרו לך תעשה״

(דברים י״ז, י״א) — איהר זאָלט זיך אויפפיהרען ווי זיי (די שופטים פון יענער צייט) וועלען אייך לערנען.

דיזער טהייל פון דער „תורה שבעל פה״ איז בעקאַנט ביי יאָזעפוס און אין תלמוד מיט די נעמען „תורת זקנים״, „דברי סופרים״, „תקנות דרבנן״, אום זיי צו אונטערשיידען פון תורת משה.

אין די שפּעטערע קאַפּיטלען וועט אונז נאָך אויסקומען זיך נעהנטער צו בעקענען מיט דיזען וויכטיגען טהייל פון דער תורה שבעל פה. לעת עתה וועלען מיר נאָר בעמערקען, אַז געגען דיזע נייע תקנות האָט זיך באַלד אויפגעהויבען אַ שטורם פון פּראָטעסט. די געגנער פון דיזע תקנות, און געגנער זענען זיי געוועזען צוליעב פיעלע שטאַאַטליכע און פּאָליטישע אורזאַכען, האָבען געטענה׳ט, אַז דיזע נייע אַיינפיהרונגען זענען געגען דער כונה פון דער תורה, און אַז מען מוז זיך האַלטען פעסט אָן די געשריבענע געזעצע, — זיי האָבען זיך געוואָלט האַלטען אָן דעם טעקסט פון דער קאָנסטיטוציע. דיזע געגנער זענען עס געווען די „צדוקים״.

אום זיך פון דיזען פאָרוואורף צו בעפרייען האָט דער אַנדערער צד זיך גענומען צו בעווייזען, אַז דיזע אַלע נייע תקנות ליעגען אין דעם זין פון די ווערטער פון דער תורה גופא. ניט וויַיל זיי האָבען טאַקע באמת געגלויבט, אַז די כונה פון דעם פסוק, דער פּראָסטער פשט, איז אַזוי, נאָר ווייל די נייע דינים און תקנות זענען געוועזען אַזוי נויטיג פאַר זייער צייט. דער טעקסט פון דעם געשריבענעם געזעץ, דער פסוק, איז נאָר געווען אַן׳אויסרעד, אַ צוטשעפּעניס, אַן „אסמכתא בעלמא״, ווי דער תלמוד גופא דריקט זיך אויס. מיט אַלע מעגליכע און זאָגאַר אונמעגליכע מעטאָדען און מיטלען האָבען זיי אַריינגעפּשטילט זייערע נייע געזעצע אין דעם טעקסט פון די אַלטע.

אָבער וועהרענד אין אָנפאַנג איז עס געווען אַ נויטיגע וואַפע אין די הענד פון די מעהר פּראָגרעסיווע עלעמענטען אין זייער קאַמפּף געגען די רעאַקציאָנערע צדוקים, איז זי, דיזע וואַפע, מיט דער צייט מיסברויכט געוואָרען. ס׳איז געווען אַ שווערד וואָס האָט געשניטען אויף ביידע זייטען: מיט דער צייט איז אויסגעוואַקסען דער גלויבען, אַז אַלע דיזע נייע תקנות און מנהגים ענטהאַלטען זיך ווירקליך אין דער תורה, און דער פריהעריגער מיטעל איז געוואָרען טאַקע דער ציעל. מען האָט זיך גענומען פּשטלען און גריבלען אין די ווערטער פון די פסוקים, כדי דאָרט צו געפינען נייע כונות, און גאַנץ אָפט האָט זיך עס פערוואַנדעלט

אין אַמין צייט-פערטרייב, אין א פלפול של הבל.

* *
*

ווי מיר האָבען איין דיעזען קורצען איבערבליק געזעהן, קאָן די גאַנצע תורה שבעל פה איינגעטהיילט ווערען אין דריי פעריאָדען (השלה, כרך ז'):

1) די „נאַטירליכע" תורה שבעל פה, נאָך איידער די תורה שבכתב איז געשריבען געוואָרען.

2) די „תורת זקנים", „דברי סופרים" אָדער „תקנות דרבנן", וועלכע האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר זעלבסטשטענדיגקייט, און האָט זיך געצויגען אַ פעריאָדע פון איבער צוויי הונדערט יאָהר.

3) דער לאַנגער פעריאָד, אָנפאַנגענדיג פון אַ פּאָר יאָהרהונדערטער פאַר דער קריסטליכער צייטרעכנונג ביז דער לעצטער רעדאַקציאָן פון תלמוד אונטער רבינא ורב אשי. דיעזער פעריאָד, נאַטירליך ניט אין אַלע צייטען גלייך, קאָן מען כאַראַקטעריזירען דערמיט, וואָס עס ווערען געמאַכט אָנשטרענגונגען אריינצולעגען די נייע געזעצע אין די ווערטער פון דער אַלטער תורה.

* *

אין נאָענטסטען קאַפּיטעל וועלען מיר בעהאַנדלען דעם צווייטען פעריאָד.

## II.

## עזרא וסיעתו און די אנשי כנסת הגדולה.

צווישען די מעהר אדער וועניגער גרויסע פערזענליכקייטען, וועלכע האבען זיך צוריקגעקעהרט אין ארץ־ישראל, פערנעהמט עזרא, וועלכער איז בעקאנט מיט דעם נאמען „עזרא הסופר" (עזרא דער שרייבער) אהן א ספק דעם וויכטיגסטען פלאץ, דעם סאמע אויבען־אן. ער און זיינע חברים, „עזרא וסיעתו", זענען עס געוועזען די יעניגע, וועלכע האבען געלעגט דעם פונדאמענט, דעם יסוד, צו דעם בנין פון היסטארישען יודענטהום — פון יענעם יודענטהום וואס האט פארטגעזעצט זיין ענטוויקלונג אין א משך פון פיעלע, לאנגע דורות און וועלכע האלט זיך נאך עד היום טראץ די אלע רדיפות און שמדות וואס דאס יודישע פאלק האט געהאט אויסצושטעהן. איינע פון זיינע וויכטיגסטע אויפטהועכצען איז געוועזען די גרינדונג פון יענער גרויסער קערפערשאפט, וועלכע איז בעקאנט מיט דעם נאמען „אנשי כנסת הגדולה" (די מענער פון גרויסען סינאד). יענע קערפערשאפט האט אריינגעשפריצט נייעס בלוט אין דעם יודענטהום, האט ארויסגעצויגען פלייש און אריינגעבלאזען א נשמה אין יענע אויסגעטריקענטע ביינער, וועלכע דער נביא יחזקאל האט געזעהן אין טהאל. דאס זענען געוועזען „עזרא וסיעתו" און שפעטער די „אנשי כנסת הגדולה", וואס האבען, ווי דער תלמוד דריקט זיך אלעגאריש אויס, „געשאכטען דעם יצר הרע פון געטצען־דיענסט"; דאס זענען זיי געוועזען, וואס זיי האבען איין מאל פאר אלע מאל אויסגעווארצעלט די פרעמדע געטער פון דעם יודישען פאלק. פון דאמאלס אן בעגעגענט מען שוין מעהר ניט אין דער יודישער געשיכטע אזעלכע פעלע, וואו דאס פאלק זאל געהן דיענען „אלהים אחרים", ווי דאס האט פאסירט אזוי אפט אין די צייטען פון ערשטען בית המקדש. דאס זענען געוועזען זיי, די „אנשי כנסת הגדולה", וועלכע האבען, לויט דעם תלמוד, „החזקו ותקנו, ואזנו את התורה" — זיי האבען פערשטארקט, פערבעסערט און פערפאלקאמענט די תורה.

די פאליטישע לאגע פון די אקארשט צוריקגעקומענע יודען פון גלות איז געווען זעהר א טרויעריגע, און ניט ווענ:גער טרויעריג איז אויך געווען זייער עקאנאמישע לאגע. די „גרויסמוטהיגע פערסיאנער, וועלכע האבען נאך זייער זיעג איבער בבל, ערלויבט די יודען זיך צוריקצוקעהרען צו דעם לאנד פון זייערע עלטערן, האבען אבער זיי ניט געגעבען קיין פאליטישע זעלבסטשטענדיגקייט. ארץ ישראל איז געווארען א פערסישע פראווינץ, אנשטאט דעם וואס פריהער איז זי געווען א פראווינץ פון בבל. די יודען זענען געצוואונגען געווען צו צאהלען שווערע צינזען צו די פערסיאנער, וואס האט זיי גאר אינגאנצען פעראָרעמט. די איינציגע זאך וואס די יודען האבען יא געקראגען פון די פערסיאנער איז געווען רעליגיאנס-פרייהייט, די פרייהייט פון געוויסען. זיי האבען אויך געקראגען דורך גרויסע שתדלנות די ערלויבניש אויפצובויען פון דאס ניי דעם בית המקדש; מען האט די יודען זאגאר בעפרייט פון תבואה-צינזען אין די יאהרען פון שמיטה. אבער דאס איז בשום אופן ניט געווען א ספעציעלער חסד פאר יודען; די זעלבע ערלויבניש האבען געקראגען אלע בעזיעגטע פעלקער. אזוי, צום ביישפיעל, איז אויך געגעבען געווארען די ערלויבניש צו די „כותים" אדער „שמרונים" צו בויען זייער בית המקדש אויפ'ן בארג גריזים.

אין אלעם איבריגען זענען די יודען געבליבען די זעלבע שקלאפען נאך דער „גאולה" ווי פאר דער גאולה. ווי טרויעריג און הערצרייסענד קלינגט דער קלאג פון די לויים, וואס זענען ניט לאנג צוריקגעקומען פון גלות: „הנה אנחנו היום עבדים; והארץ אשר נתת לאבותינו לאכול את פריה ואת טובה הנה אנחנו עבדים עליה. ותבואתה מרבה למלכים אשר נתת לנו בחטאתינו, ועל גויותינו מושלים, ובבהמתנו כרצונם, ובצרה גדולה אנחנו". (נחמיה ט', ל"ו, ל"ז) — מיר זענען היינט קנעכט; קנעכט זענען מיר אויף דעם לאנד וואס דו האסט געגעבען צו אונזערע עלטערן צו געניסען פון איהר פרוכט און גוטס. די תבואות פון דעם לאנד זענען צינזען צו די מלכים וואס דו האסט אויף אונז געגעבען פאר אונזערע זינד; אויף אונזערע קערפערס געוועלטיגען זיי; מיט אונזערע פיה טהוען זיי וואס זיי ווילען; מיר זענען אין א גרויסער צרה.

עס איז קלאר, אז אונטער אזעלכע אומשטענדען האט מען גאר ניט געקענט חלומען פון יענער גלענצענדער צוקונפט, וועלכע די נביאים האבען פערשפראכען דעם פאלק, ווען ירושלים וועט זיין דער מיטעלפונקט פון דער וועלט, וואו אלע פעלקער וועלען ציהען; ווען אלע פעלקער וועלען

אנערקענען דעם יודישען גאט און די יודישע תורה; ווען דער יודישער קעניג פון מלכות בית דוד וועט געוועלטיגען איבער פעלקער; ווען קעניגע און פירשטען וועלען זיין דינער ביים פאלק ישראל; ווען גערעכטיגקייט וועט הערשען איבעראל און וויסענשאפט וועט אנפילען די גאנצע וועלט ווי א וואסער בעדעקט דעם ים. יענע זיסע הבטחות האבען אויסגעוויזען ווי פאנטאסטישע ווילדע הלומות, ווען מען האט נאר א קוק געטהון אויף דער טרויעריגער ווירקליכקייט. מען האט, ווילענדיג, ניט ווילענדיג, געמוזט אבשטופען יענע גליקליכע צייטען אויף א ווייטע צוקונפט, אויף א לעתיד לבוא, אויף משיח'ס צייטען, ווען די אמת'ע גאולה וועט ערשט פארקומען.

און דערוויל? וואס בלייבט צו טהון דערוויל, כדי דאס יודישע פאלק זאל ניט אונטערגעהן, כדי דאס יודישע פאלק זאל קענען אריבערטראגען די שלעכטע צייטען, ווארטענדיג אויף די גוטע? און עזרא האט זיך גענומען אויפצובויען א גייסטיגע פעסטונג, וועלכע זאל שיצען דעם פאלק אין א עת צרה און זאל אבהיטען זיין נאציאנאלע גאנצקייט.

די ערשטע און וויכטיגסטע זאך וואס ער האט אויפגעטהון איז געווען צו דעמאקראטיזירען די תורה, בעקאנט צו מאכען דאס גאנצע פאלק מיט איהר אינהאלט און איהרע לעהרען. ביז דאמאלס איז די תורה געלעגען אין די הענד פון די כהנים, אין די הענד פון די פריעסטער־קאסטע, און דאס פאלק, אפילו די קעניגע, האבען פון איהר ניט געוואוסט. די כהנים האבען געטהון מיט דער תורה וואס זיי האבען געוואלט; האבען גע'פסק'ענט די דינים ווי עס האט זיך פאר זיי בעסער געלוינט. די כהנים האבען בעטראכט די תורה פאר זייער אייגענטהום, און דורך דעם האבען זיי ניט נאר געהערשט איבער'ן פראסטען פאלק, נאר זאגאר איבער די קעניגע און פירשטען.

דער קאמפף געגען די כהנים איז שוין, אמת, געפיהרט געווארען נאך פריהער פאר עזרא'ן. ירמיה (אליין א כהן) זידעלט זעהר שטארק די כהנים (ירמיה, ה' ל'). מיכה שרייבט: „וכהניה במחיר יורו" (מיכה ג') — די כהנים לערנען די תורה אזוי ווי מען בעצאהלט זיי. הושע רופט זיי „חבר כהנים" — א באנדע כהנים. צפניה קלאגט: „כהנים חללו קודש; חמסו תורה" (צפניה ג') — איהרע כהנים האבען געשענדעט די הייליגקייט; זיי האבען געראובט די תורה. היעזער קאמפף האט געבראכט אויך געוויסע רעזולטאטען, דען אין דעם קעניג יאשיה'ס צייטען האט מען ענדליך ארויסגעקראגען די תורה פון די כהנים'ס הענד, און מען האט זי פארגעלעזען פאר דעם פאלק (מלכים, ב'ב). עזרא האט דיעזען קאמפף

איינגענטליך ניט מעהר ווי פארטגעזעצט, אבער מיט פיעל מעהר ערפאלג ווי אלע זיינע פארגעגנגער צוזאמען. דערצו איז ער געווען די פאסענדסטע פערזאן; ערשטענס איז ער אליין געווען א כהן און האט גאנץ גוט געוואוסט די תורה; צווייטענס, איז ער געווען א סופר-מהיר, א גיכער און גוטער שרייבער, וועלכער האט געקענט שרייבען קאפיעס פון דער תורה און אויף אזא אופן איהר פערשפרייטען צווישען פאלק. דערצו האט ער אויך געהאט די הילף פון זיינע חברים, וועלכע זענען אויך געווען „סופרים מהירים", גיכע און גוטע שרייבער. מען דארף ניט פערגעסען, אז אין יענער צייט איז געווען זעהר א גרויסע זעלטענהייט צו געפינען איינעם וואס קען שרייבען, ובפרט נאך דערצו א „סופר מהיר". די וואס האבען געקענט שרייבען זענען געוועהנליך געווען די געלערנטע, די געזעצגעבער און די פיהרער פון פאלק.

עזרא'ס ערשטע ארבייט איז אלזא געווען ארויסצורייסען די תורה פון די הענד פון די כהנים, וועלכע האבען איהר מאנאפאליזירט. ער האט דארום איינגעפיהרט, אז מען זאל פארלעזען די תורה פאר דעם גאנצען פאלק און זי ערקלערען אויף די שפראכע פון פאלק „מפרש ושום שכל" קלאר און דייטליך. און ניט נאר אום שבת און יום טוב, ווען דער עולם האט צייט זיך אבצוגעבען מיט גייסטיגע ענינים, נאר אויך אום מאנטאג און דאנערשטאג, די מארק-טעג, ווען דאס פאלק קומט צוזאמען אויף די מערק און די בית-דין טעג (ווען די געריכטען זענען אפען). אין דיעזער הינזיכט איז עזרא'ס קאמפף עהנליך צו דעם קאמפף פון לוטהער געגען דער קאטאלישער קירכע; דער לעצטער האט אויך ארויסגעריסען די ביבעל פון די הענד פון דעם פאפסט און זיינע בעהעלפער, און האט זי איבערזעצט אין דייטש; ער האט אויך געקעמפפט געגען דער אויטאריטעט פון די גלחים, אז נאר זיי האבען צו זאגען איבער די „היילינגע שריפטען". עזרא'ס זיעג איז אבער געווען מעהר פאלקאמען אלס לוטהער'ס; דער קירכען-פרינציפ איז זייט דאן אינגאנצען פערשוואונדען פון יודישקייט. די תורה איז פריי פאר יעדען; יעדער וואס לערנט תורה איז א גלייכער יחסן אין ענינים פון אמונה און דארף ניט אנקומען צום פריעסטער. דער יודישער „גאטעס-מענש" איז נאר א „רבי", א געלעהרטער אין דער תורה און האט ניט קיין בעזונדערע הייליגקייט. „ממזר תלמיד חכם קודם לכהן גדול עם הארץ" — א תלמיד חכם, אפילו ווען ער איז א ממזר, איז וויכטיגער פאר דעם כהן גדול, וואס איז אנ' עם הארץ. דער עיקר איז די קענטניסען אין דער תורה.

עס פערשטעהט זיך, אז די כהנים האָבען ניט אַזוי לייכט, גאָר אָהן אַ קאַמפּף, אויפגעגעבען זייערע קלאַססען־אינטערעססען. שוין פיעל שפּע־טער טרעפען מיר נאָך אַליין דיעזע מלחמה. זי ווערט געפיהרט פון די „צדוקים" (די פּאַרטיי פון די כהנים, די פאַרשטעהער פון דער אַריס־טאָקראַטיע) און די „פּרושים". די לעצטע האלט שטאָל און אייזען פאַר „עזרא וסיעתו" און זייגע נייע איינפיהרונגען, וועהרענד די צדוקים ווילען פון זיי ניט וויסען און ניט הערען, און זוכען נאָר צו ערהויבען די מדרגה פון כהונה, פון פריעסטערטהום.

אום דעם שטאַלץ פון די כהנים אינגאַנצען צו צוברעכען, האָבען „עזרא וסיעתו" און די „אנשי כנסת הגדולה" איינגעפיהרט די תפילות. עס זענען געבויט געוואָרען פערזאַמלונגס־פּלעצער (בתי כנסיות) אין אַלע שטעדט, וואו דאָס פאָלק פלעגט זיך צוזאַמענקומען און בעטען ביי גאָט דירעקט, אָהן דער פערמיטלונג פון די כהנים און אָהן די קרבנות. די גאַנצע וויכטיגקייט פון די צערעמאָניעס אין בית המקדש האָט דורך דעם פיעל פערלאָרען.

דאָס איז נאָך געוועזען ווייניג. „עזרא וסיעתו" האָבען איינגעפיהרט, אז די אַלע דינים פון „טומאה" זענען גלייך פאַר אַלעמען, פאַר דעם פּראָסטען פאָלק פונקט אַזוי גילטיג ווי פאַר די כהנים. טהיילווייז זענען „עזרא וסיעתו" בעאיינפלוסט געוואָרען פון די פערסיאַנער, וואו די דינים פון טומאה זענען געוועזען פיעל שטרענגער ווי ביי יודען. אָבער די הויפּט־כונה שיינט געוועזען צו זיין איינמאָל פאַר אַלע מאָל פעסטצושטעלען דעם פּרינציפּ, אז דער כהן איז בשום אופן ניט קיין העכערער וועזען ווי אַ פּראָסטער מענש, אויסער וואָס אַנבעלאַנגט די „עבודה", די גאָטעס־דיענסט, אין בית המקדש.

אויסער דיעזען אינערליכען קאַמפּף געגען דער וויכטיגקייט פון דער כהונה, האָט עזרא אויך געמוזט זעהען צו פערהיטען דאָס פאָלק פון אַן אַנדער סכנה: פון דער געפאַהר זיך צו צומישען מיט די אַרומיגע שכנים און זיך צוריק אומקעהרען צום געצענדיענסט. ער האָט דאַרום גוזר געוועזען:

1) אז מען טאָר זיך ניט מתחתן זיין מיט פרעמדע פעלקער. לויט תורת משה גילט דער פערבאָט פון געמישטע הייראַטען נאָר אויף די זיעבען פעלקער, וואָס האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין ארץ ישראל, איידער די יודען זענען אַהין אָנגעקומען. עזרא אָבער האָט פערבאָטען אַלע גע־מישטע התונות, אפילו מיט די „שומרונים", אַ פרעמדער שטאַם, וועל־כער האָט געהאַלטען פון תורת משה. עזרא איז געוועזען זעהר שטרענג

אין די־עזען הינזיכט: ניט נאר ער האט פערבאטען געמישטע חתונות אין דער צוקונפט, זאנדערן ער האט אויך געפאדערט, אז אלע די, וואס האבען שוין פרעמדע ווייבער, זאלען זיך מיט זיי שיידען און זאגאר זיך אבזאגען פון די קינדער, וואס זענען געבארען געווארען פון אזעלכע חתונות. די יעניגע, וואס האבען עס ניט געוואלט טהון, זענען ארויסגע־יאגט געווארען פון קהל און זייער אייגענטהום איז קאנפיסקירט געווארען (זעה: עזרא, י'.).

2) לויט דער מיינונג פון מאנכע היסטאריקער האט עזרא אויך איינגעפיהרט, אז אלע אנדערע לענדער זענען טמא. אין עזרא געפינט זיך ווירקליך א פאר מאל דער אויסדרוק „טומאת הגוים".

3) אום זיך נאך מעהר צו דערווייטערען פון די שומרונים" האט ער געביטען דעם אלט־העבראאישען „אלף־בית" („כתב עברי") אויף דעם „אשור"ישען", דעם „כתב אשורי". די „שומרונים" האבען נעמליך גע־שריבען די תורה אויפ'ן „כתב עברי", און כדי זייער עטוואס געפעלשטע תורה בנוגע דעם בארג גריזים זאל מיט דער צייט ניט אנגענומען ווערען פאר דער יודישער תורה, האט עזרא איינגעפיהרט, אז מען זאל שרייבען די תורה אויף דעם כתב אשורי; אין צלטעגליכען לעבען, אין „דברי הדיוט", איז געבליעבען דער אלטער כתב עברי.

4) אום אויסצוהיטען וויטערע ענדערונגען, טעותים און פעלשונגען אין דעם קאפירען פון דער תורה, האבען „עזרא וסיעתו" איינגעפיהרט דעם „קרי" און „כתיב", ד. ה. ווי עס דארף געליינט ווערען און ווי עס איז אין דער ווירקליכקייט געשריעבען.

ביים איבערשרייבען קאפיעס פון דער תורה האבען די „סופרים" דא און דארטען געפונען פלעצער, וואו דער געברויכטערווארט אין טעקסט איז ניט געוועזען דער ריכטיגער אדער דער פאסענדער. זיי האבען זיך אבער ניט ערלויבט צו מאכען ענדערונגען אין דער תורה, און זיי האבען דארום גע־לאזען אין דעם טעקסט דעם „כתיב" (ווי עס איז געשריבען), דערביי אבער האבען זיי אויך צוגעשטעלט דעם ווארט, וועלכער האט זיי געשיינט צו זיין דער ריכטיגער — דעם „קרי". זיי זענען געוועזען אזוי פארזיכטיג אין דיזער הינזיכט, אז זיי האבען זאגאר געצעהלט די בוכשטאבען און ווערטער פון דער תורה, אום קיין איינציג פרעמד ווארט זאל אהין ניט אריינקומען. דאס איז געוועזען א זעהר שווערע ארבייט, וועלכע האט אבער דערפאר געבראכט גרויסע נוצען, ווייל נאר דורך דעם איז עס געלונגען צו פערהיטען די תורה פון פיעלע פעלשונגען און טעותים, וועלכע זענען כמעט אונ־

פערמיידליך געווען אין אזא צייט, ווען פון דרוקען האט מען נאך גאר קיין אהנונג ניט געהאט. דערצו האבען זיי אויך איינגעפיהרט, אז די בוכשטאבען מנצפ״ך זאלען ביים ענדע פון ווארט געענדערט ווערען ווי, צום ביישפיעל, מ—ם, נ—ן.

5) זעהר פיעל איז אויך אויפגעטהון געווארען פאר דער ווידעראויפלעבונג פון דער נאציאנאלער שפראך, העברעאיש, וועלכע איז טהיילווייזע פערגעסען געווארען אין גלות (זעה נחמיה, י״ג). די נייע העברעאישע שפראך האט שוין מעהר ניט געהאט דעם גלאנץ און די פאעטישע שענקייט פון די ערשטע נביאים, דערפאר איז זי אבער געווען רייכער אין אויסדריקען און אין בעגריפען.

6) עס זענען געגרינדעט געווארען אקאדעמיען (בתי מדרשות), וואו די תורה איז שטודירט געווארען לויט די פירושים פון די סופרים. די אויפגאבע פון דיעזע בתי מדרשים איז געווען א דאפעלטע: צו פערשפרייטען די ידיעת התורה, די קענטניסע פון געזעץ ביים פאלק, און אויך אויסצובילדען די יוריסטען, וועלכע זאלען קענען פערנעהמען ריכטערשטעלען. ביז דאמאלס זענען דאס רוב די כהנים געווען די ריכטער; איצטער איז נאר נויטיג געווען צו זיין א תלמיד חכם אום צו ווערען א ריכטער. און ריכטער זענען דאמאלס נויטיג געווען נאכדעם ווי עזרא האט געקראגען די ערלויבניש פון דעם פערסישען קעניג צו ערנענען ריכטער אין יעדער שטאדט (זעה עזרא ז׳, כ״ה; מורה נבוכי הזמן, שער י׳ י״ג). די געריכטס-הייזער זענען געווען צוויערליי: א בית-דין של ג׳, וועלכער איז בעשטאנען פון דריי ריכטער, און א בית-דין של כ״ג — פון דריי און צוואנציג. אין עטליכע דורות שפעטער, נאך דעם אונטערגאנג פון דער „כנסת הגדולה“, האט זיך אויך געבילדעט א העכסטער געריכט פון איין און זיעבציג — דער „סנהדרין הגדול“. די אויפגאבע פון דיעזע יוריסטישע פאקולטעטען זענען געווען, ווי עס ווערט איבערגעגעבען אין „אבות“, פאלגענדע: „הוו מתונים בדין, והעמידו תלמידים הרבה, ועשו סיג לתורה“ — זייט פארזיכטיג און געלאסען ביים ריכטען; זעהט צו האבען וואס מעהר שילער; מאכט א צאם צו דער תורה.

דיעזער לעצטער פרינציפ פון „ועשו סיג לתורה“ איז געווען דער וויכטיגסטער. דערמיט איז אריינגעבראכט געווארען א נייער עלעמענט אין געזעצגעבונג, אן עלעמענט, וועלכער האט געבראכט פיעלע ווינשענסווערטהע און אויך פיעלע שלעכטע רעזולטאטען. דערמיט איז געגעבען געווארען רשות. ניין, עס איז זאגאר געלעגט געווארען א חוב, צו די תלמידי הכמים

פון יעדען דור איינצופיהרען נייע געזעצען, אויב זיי געפינען, אז דיעזע נייע געזעצען זענען נויטיג צו ערהאלטען די אלטע. און מיט דיעזער פריוויליגיע האבען זיך זעהר פיעל, מאנכעס מאל שוין צופיעל, בענוצט ניט נאר די „אנשי כנסת הגדולה", נאר אויך די הכמים פון די שפעטערע צייטען, און האבען אנגעמאכט „גדרים" און „סיגים", און סיגים צו סיגים גאר אהן א סוף.

* *
*

די אלע פערשיעדענע תקנות און סיגים וואס עזרא וסיעתו, און שפעטער די „אנשי כנסת הגדולה", האבען געמאכט, זענען זעהר פיעל, און זיי געפינען זיך פערשפרייט איבער'ן גאנצען תלמוד, וואו זיי זענען בע־קאנט אונטער די נעמען „דברי סופרים" און „תקנות דרבנן", א. ד. ג. ברענגען זיי אלע איז כמעט אונמעגליך און אויך ניט נויטיג אין אזא ארבייט ווי דיעזע. איך וועל דארום דא נאר ברענגען די יעניגע, וועלכע זענען אם מייסטען כאראקטעריסטיש. דערביי וועל איך זיך הויפטזעכליך בענוצען מיט די פאלגענדע ווערק: „מורה נבוכי הזמן", „דור דור ודורשיו", גרעטץ און „התלמוד" פון תלמודי.

א) גרוים געוויכט איז געלעגט געווארען אויף שבת. אין דער תורה שטעהט נאר אז מען טאר ניט טהון קיין שום „מלאכה" אום שבת. וואס אזעלכעס ווערט געמיינט מיט דיעזען ווארט? נון, האבען זיי אויסגערעכענט ניין און דרייסיג סארט ארבייטען, וועלכע זענען פערבאטען געווארען צו טהון אום שבת. דערביי איז אויך פערבאטען געווארען האנדעל, אבוואהל עס ווערט ניט איינגעשלאסען אין דעם ווארט מלאכה. „אסור מקח וממכר בשבת מדרבנן" — דער פערבאט צו האנדלען אום שבת איז נאר מדרבנן. אין די צייטען פון ערשטען בית המקדש, ווען דאס יודישע פאלק האט זיך בע־שעפטיגט נאר מיט ערד־ארבייט, איז אזא פערבאט ניט נויטיג געווען, וויל דאס פאלק האט פון האנדלען סיי ווי סיי ווייניג געוואוסט. שפעטער אבער, ווען דער האנדעל איז פערשפרייט געווארען, איז דיעזער פערבאט געווארען נויטיג. (נחמיה, י"ג).

פיעלע זאכען זענען פערבאטען געווארען צו טהון אום שבת „משום שבות", ד. ה., ניט דערפאר וויל זיי זענען בכלל מלאכה, נאר וויל אין א רוהע־טאג דארף מען עס ניט טהון, ווי צ. ב. רייטען אויף א פערד. צוליעב דיזעלבע אורזאכע, „משום שבות", זענען זיי אויך פערבאטען געווארען אום יום טוב.

דאַגעגען האָבען זיי אין פיעלע הינזיכטען לייכטער געמאַכט דעם שבת; ווי צום ביישפּיעל, אין דער תורה שטעהט „אל יצא איש ממקומו ביום השביעי" — קיינער זאָל ניט אַרויס פון זיין אָרט דעם זיעבענטען טאָג. די כונה איז פון אָנפאַנג געווען, אַז אום שבת זאָל מען ניט געהן קלייבען דעם „מן", ווייל מען וועט איהם ניט געפינען. שפּעטער האָט מען עס אָבער פערשטאַנען, אַז מען טאָר טאַקע ניט אַרויסגעהן, און זיי האָבען דאַרום איינגעפיהרט דעם „עירוב". דאָס זעלבע איז אויך מיט דעם „לא תבערו אש" — איהר זאָלט ניט אָנצינדען קיין פייער, וואָס די „שומרונים" און שפּעטער די „צדוקים" (און איצט די קאַראַאימען) האָבען טאַקע פערשטאַנען, אַז מען דאַרף זיצען אין דער פינסטערניש דעם גאַנצען שבת. זיי האָבען דאַרום איינגעפיהרט, אַז עס איז גאָר אַ מצוה אָנצוצינדען ליכט אויף שבת, ניט אום שבת נאַטירליך.

ב) פיעלע תקנות זענען איינגעפיהרט געוואָרען אין פאַמיליען-לעבען. עס איז איינגעפיהרט געוואָרען „שניות לעריות". אין דער תורה איז אויסגערעכענט אַ צאָהל פון קרובה-שאַפטען מיט וועלכע מען טאָר ניט התונה האָבען, דיזע הייסען „עריות"; די „סופרים" אָבער האָבען פערבאָטען אויך די צווייטע מדרגה פון דיזע קרובה-שאַפטען, סיי מיט אַ דור פריהער, סיי מיט אַ דור שפּעטער. דיזע הייסען „שניות לעריות"— די צווייטע צו די עריות (זעה: יבמות, כ').

עס איז אויך איינגעפיהרט געוואָרען חופה וקדושין. דערמיט איז חתונה געשטעלט געוואָרען אויף אַ רעליגיעזען יסוד, וועהרענד זי איז פריהער געווען נאָר אַ ציווילע איינריכטונג. די קדושין מיט „כסף" איז דאַמאָלס נאָר געווען אַן איבערבלייבעניץ פון דעם אַלטען מנהג, ווען דער פאָטער האָט געהאַט דאָס רעכט צו פערקויפען זיין טאָכטער פאַר געלד.

אויך זענען געלעגט געוואָרען שוועריגקייטען אין דעם גט'ן זיך. די געג'גט'ע פרוי האָט געמוזט קריגען אַ סומע געלד, כדי זי זאָל האָבען פון וואַנען צו לעבען. די תקנה איז געמאַכט געוואָרען „די יודישע טעכטער זאָלען ניט זיין הפקר".

דערצו זענען איינגעפיהרט געוואָרען תקנות פאַר די מינדעריעהריגע (קטנות). דער פאָטער איז מחויב צו שפּייזען און קליידען זיינע מינדעריעהריגע טעכטער. אויב מען האָט חתונה געמאַכט אַ מינדעריעהריגע, מעג זי אַוועקגעהן פון איהר מאַן, ווען ער געפעלט איהר ניט, אַלס זי ווערט אַ „בגרות", און זי דאַרף גאָר קיין גט ניט האָבען.

ג) אין דיני ממונות זענען איינגעפיהרט געוואָרען פיעל נייע און וויכטיגע געזעצען, וועלכע האָבען זיך געפאָדערט אין יענער צייט. אזוי צום ביישפיעל, איז איינגעפיהרט געוואָרען „קנין במשיכה״, ד. ה., עס איז נאָך וועניג וואָס איינער בעצאָהלט פאר דער געקויפטער סחורה, דערמיט ווערט זי נאָך ניט זיינע; זי מוז אריבערגעטראָגען ווערען פון דעם פערקויפער'ס רשות צו דעם רשות פון דעם קויפער, „כדי שלא יאמר לו נשרפו חיטיך בעליה״ — כדי ער, דער פערקויפער, זאָל איהם, דעם קויפער, ניט קענען זאָגען, דיינע ווייץ זענען פערברענט געוואָרען.

נאָך א תקנה איז געמאכט געוואָרען, אז „ד׳ אמותיו של אדם קונה״— די פיער איילען פון א מענשען קויפען פאר איהם, ד. ה., אז דאָס זיין פון א מענשען אין א הפקר־פלאַץ איז גענוג, אז דער פלאַץ זאָל ווערען זיינער. דיעזע נייע תקנה איז געווען נויטיג דאמאָלס, ווען פיעלע פון די פעלדער אין ארץ ישראל זענען געווען הפקר, ווייל זייערע אמת'ע בעלי בתים זענען געטוידט געוואָרען אין דער צייט פון די מלחמות אָדער געבליעבען אין גלות. דער בעגריף, אז דריי יאָהר האלטען א פעלד איז שוין א „חזקה״ און דאָס לאַנד בעלאַנגט צו דעם בעל החזקה, איז, העכסט וואהרשיינליך, אויך א פראָדוקט פון יענער צייט.

דער פערבאָט צו נעהמען פראָצענט איז פיעל פערשטארקט געוואָרען. ניט נאָר עס איז פערבאָטען צו נעהמען דירעקטע פראָצענט, ווען מען לייהט יעמאנדען געלד, זאָנדערן ס'איז אויך פערבאָטען געוואָרען צו האָבען אירגענד וועלכע רוחים, אירגענד וועלכע „טובת הנאה״ אויף אירגענד וועלכען וועג. דאָס איז בעקאַנט אין תלמוד אונטער דעם נאָמען „רבית דרבנן״ אָדער „אפק רבית׳. (זעה בבא מציעה ס׳, ס״א).

עס איז איינגעפיהרט געוואָרען א שבועה אין געוויסע סכסוכים פון געלד־פראַגען, אז איינער פון די צדדים אָדער ביידע דארפען שווערען, דאָס זייערע בעהויפטונגען זענען אמת. דאָס איז בעקאַנט אין תלמוד אונטער דעם נאָמען „שבועת היסת״.

געוויסע קלאַסען מענשען זענען גע'פסל'ט געוואָרען אלס עדות ווי, צום ביישפיעל, געמבלער, פראָצענטניקעס און „סוחרי שביעית״ (די מענשען, וואָס פלעגען אין די שמיטה־יאָהרען אנזאמלען די תבואות, וואָס זענען געווען פריי פאר אלעמען, און זיי פערקויפען. די אָרימע לייט פלעגען דורך דעם זעהר פיעל ליידען). שפּעטער, אין די צייטען פון די רוימער, האָט מען אויך די „מוכסים״ (די צינזען־קלייבער) געפסל'ט אלס עדות. (זעה סנהדרין, כ״ד, כ״ה).

ד) אין „דיני נפשות" (אין קרימינאל-געזעצען) זענען איינגעפיהרט געוואָרען זעהר וויכטיגע רעפאָרמען. די פּרימיטיווע געזעצע פון תורת משה זענען כמעט אינגאַנצען אָבגעשאַפט געוואָרען, און אויף זייער פּלאַץ זענען אַרויסגעוואַקסען נייע, מעהר מענשליכע, עדעלערע בעגריפען וועגען פערברעכען און שטראָף. די „סופרים" האָבען די אַלטע געזעצען אויסגע-טייטשט אויף אַזאַ וועג, וואָס האָט זיך מעהר געפּאַסט מיט די נייערע בעגריפען. אַזוי, צום בייַשפּיעל, איז געזאָגט געוואָרען אַז „עין תחת עין — זהו ממון", ד. ה., עס ווערט ניט געמיינט מען זאָל אַרויסנעהמען אַנ'אויג פאַר אַ אויג, זאָנדערן אַז מען זאָל בעצאָהלען דעם געשעדיגטען דעם ווערטה פון זיין אויג. דאָס זעלבע איז אויך געזאָגט געוואָרען וועגען דעם דין „וגם בעליו יומת" — און אויך דער אייגענטהימער פון דעם „שור המועד" זאָל געטויטעט ווערען, אַז דאָס מיינט נאָר אַ געלד-שטראָף. דאָס זעלבע איז אויך געזאָגט געוואָרען וועגען דעם געזעץ „וקצותה את כפה" און אַזוי ווייטער.

די טוידט-שטראָף איז טהעאָרעטיש געבליבען אין קראַפט, אָבער אין דער פּראַקטיק האָט זי כמעט ניט עקזיסטירט. די שפּעטערע תלמודיס-טען זענען אַוועק אַזוי וויַיט אין דיעזער הינזיכט, זיי האָבען געפאָדערט אַזעלכע אונמעגליכע איינצעלהייטען פון די עדות, אַז עס איז פּשוט געווען אונמעגליך צו פערורטיילען אַ פערברעכער מיט דער טוידט-שטראָף. עס איז געגאַנגען אַזוי וויַיט, אַז אַ בית-דין, אַ געריכט, וואָס האָט פערורטיילט צום טוידט איינעם אין זיעבציג יאָהר, האָט מען גערופען „בית-דין קטלנית" — אַ מערדערישעס געריכט.

דיעזע איניגע בייַשפּיעלע וואָס איך האָב דאָ געבראַכט זענען גענוג, אום צו געבען דעם לעזער אַ מעהר אָדער וועניגער קלאָרען בעגריף פון דער טעטיגקייט פון עזרא וסיעתו און זייערע נאָכפאָלגער די „אנשי כנסת הגדולה". מען דאַרף אָבער ניט פערגעסען, אַז דאָס איז געווען אַ גאַנץ לאַנגע עפּאָכע, וועלכע האָט זיך געצויגען פון עזרא'ן ביז דעם זיעג פון אַלכסנדר מוקדון איבער פּערסיען, ווען ארץ ישראל איז צום דריטען מאָל אַריבער אין פרעמדע הענד און איז געוואָרען אַ גריכישע פּראָווינץ. אין אַזאַ לאַנגער צייט זענען נאַטירליכערוויַיזע איינגעפיהרט געוואָרען הונ-דערטער איבער הונדערטער נייע תקנות און הלכות. זיי זענען אָבער צו-שפּרייט איבער דער גאַנצער גרויסער תלמודישער ליטעראַטור אָהן שום אירגענד וועלכען היסטאָרישען סדר, אַזוי, אַז עס איז אונמעגליך צו וויסען אויף בעשטימט, וועלכע פון דיעזע נייע איינריכטונגען שטאַמען

אב פון יענער עפאכע, און וועלכע שטאמען אב פון שפעטערע צייטען.

עס איז אהן שום ספק, אז פיעל פון די געזעצען און מנהגים, וועלכע זענען בעקאנט אין תלמוד מיט דעם נאמען „הלכה למשה מסיני". זענען איינגעפיהרט געווארען פון עזרא'ן און די אנשי כנסת הגדולה, אבוואהל מאנכע פון זיי שיינען צו זיין פון א שפעטערע צייט. אלע די מנהגים און הלכות, וועמעס אבשטאמונג די תלמודיסטען האבען ניט געוואוסט אויף קלאר, האבען זיי גערופען „הלכה למשה מסיני". (זעה: מורה נבוכי הזמן, שער י"ג; דור דור ודורשיו, פרק עשירי).

דער כאראקטעריסטישער צוג פון דיעזע אלטע הלכות בעשטעהט אין דעם, וואס זיי ווערען ניט אריינגעקוועטשט אין דעם מיין פון דער געשריבענער תורה דורך פערשיערענע פשט'לעך און אונלאגישע דריידלעך. דיעזע מעטאדען זענען איינגעפיהרט געווארען ערשט שפעטער, ווען די צדוקים זענען ארויסגעטראטען, אין דעם נאמען פון דער תורה שבכתב, געגען די נייע הלכות און תקנות, ווי מיר וועלען זעהען אין פאלגענדען קאפיטעל.

# III.

## די צדוקים און די פרושים.

פריעדליך, רוהיג, אהן שום מלחמה איז דאס לאנד יהודה אריבערגעגאנגען אין די הענה פון די גריכען. שוואך און קליין, ארעם און ניעדערגעשלאגען איז דאס יודישע פאלק דאמאלס געווען אויף דעם לאנד פון זיינע עלטערן. אזא פאלק האט גאר ניט געקאנט חלומ'ען צו שטעלען זיך געגען דעם אונבעזיעגבארען אלכסנדר מוקדון, וועלכער האט צושמעטערט אפילו די גרויסע און מעכטיגע מלוכה פון די פערסיאנער. עס איז זעהר מעגליך, אז די יודען האבען זיך זאגאר געפרעהט מיט אלכסנדר'ס נצחון איבער די פערסיאנער, בעטראכטענדיג עס פאר גאט'ס פינגער. יעדענפאלס האבען זיי דערביי גאר ניט געהאט וואס צו פערליערען, ווארום וואס איז דער הלוק, ווער עס וועט זיין זייער הערשער? מיט וואס איז דער פערסיאנישער יאך בעסער אלס דער גריכישער?

די איינציגע זאך, וואס די יודען האבען דאמאלס פערלאנגט, איז געווען: די פרייהייט צו דיענען זייער גאט אויף זייער אייגענעם דרך, די פרייהייט פון ילויבען. און דאס האט זיי אלכסנדר מוקדון בעווילינגט, ניט זעהענדיג אין דעם קיין סכנה צו זיין וועלטליכע הערשאפט.

שטאלץ, מיט'ן גרעסטען גלאנץ און פראכט, ארומגערינגעלט מיט זיין גרויסע סוויטע, א גבור וואס קעהרט צוריק פון א זיעגרייכע מלחמה, די גאנצע דאמאלדיגע וועלט ביי זיינע פיס, איז אלכסנדר אריין אין לאנד יהודה. מיט הכנעה און עניוות, געקליידעט אין די בגדי כהונה, בעגלייט פון די „יקירי ירושלים" מיט שופרות אין זייערע הענד, האט איהם — לויט דער לעגענדע — שמעון הצדיק מקבל פנים געווען.

זיי האבען זיך ביידע בעגעגענט — האבען זיי דאמאלס פערשטאנען, אז צוויי וועלטען זענען געקומען אין צוזאמענשטויס? האבען זיי בעגריפען, אז צוויי כמעט געגענגעזעצטע קולטורען זענען געקומען אין בעריהרונג?

די ערשטע בעגעגניש איז יעדענפאלס געווען א פריעדליכע. אבער

דיעזער פריעדען האָט אָנגעהאַלטען נאָר אַ קורצע צייט: די מלחמה איז געווען אונפערמיידליך און זי איז באַלד געקומען. די „אנשי כנסת הגדולה" האָבען גאַנץ לייכט געקאָנט „שעכטען דעם יצר הרע פון געצען־דיענסט", אָבער זיי זענען געווען מאַכטלאָז געגען דער גרויסאַרטיגער גריכישער קולטור, וועלכע האָט גענומען אונטערגראָבען די סאַמע יסודות פון יודישען לעבען; די „כנסת הגדולה" גופא איז צופאַלען געוואָרען.

די אַלע סיגים און גדרים, גזרות און תקנות, וועלכע האָבען געהאַט די עובדא צו ערהאַלטען די גאַנצקייט פון דער נאַציאָן, טאַקע דיעזע נייע איינפיהרונגען גופא האָבען אַרויסגערופען די שטאַרקסטע און ביטערסטע פּאַרטיי־קעמפפע, וועלכע האָבען געשטעלט אין סכנה דעם גאַנצען קיום פון דער אומה.

דער אויסערליכער גלאַנץ פון דער גריכישער קולטור; דער פרייער און פריילּיכער לעבען פון די גריכען; זייערע שעהנע מאַניערען, זייערע שפּיעלען אין די אַמפיטהעאַטערע האָבען געהאַט אַ געוואַלדיגען איינפלוס אויף פיעלע פון די יודישע יונגע לייט, הויפּט־זעכליך אויף די רייכע יחסנים, וועלכע זענען צוליעב זייער געזעלשאַפטליכער און פּאָליטישער לאַגע געשטאַנען אין נעהנטערע בעציהונגען מיט די גריכישע מאַכטהאַבער. דיעזע האָבען געבילדעט די העלעניסטישע פּאַרטיי.

אָבער וועהרענד פון אָנפאַנג האָבען די העלעניסטען נאָר געקעמפפט געגען די איבריגע חומרות, געגען דער צו גרויסער אָבגעזונדערטקייט פון דעם יודישען פאָלק, געגען די נייע גזרות און תקנות, געגען די זאָגענאַנטע „תורת זקנים", זענען זיי מיט דער צייט אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק פון דעם יודענטהום: זיי זענען געוואָרען שונאים פון דער יודישער תורה בכלל, פון דער גאַנצער יודישער קולטור. זיי האָבען זאָגאַר געזוכט צו בעקעמפפען די יודישע נאַציאָנאַליטעט; זיי האָבען געזוכט זיך גענצליך צו אַסימילירען מיט די גריכען.

די נייע העברעאישע שפּראַך איז פערביטען געוואָרען אויף די גריכישע, וועלכע איז געוואָרען די שפּראַך פון די אַריסטאָקראַטען. זיי האָבען גענומען בייטען זייערע יודישע נעמען אויף גריכישע: פון „ישוע" האָט מען געמאַכט „יאַזאָן", פון „חניו" — מענעלאַס. זאָגאַר די העברעאישע נעמען פון די שטעדט האָט מען פערביטען אויף גריכישע: פון „רבת־עמון" איז געוואָרען פילאַדעלפיא; פון „הר מואב" — אַריאָפּאָליס, און אַזוי ווייטער.

אין די אַמפיטהעאַטערע האָבען די שפּיעלען שטאַטגעפונען אום

שבת — דאס האט די העללעניסטען ניט אבגעהאלטען: זיי האבען מחלל שבת געווען. ביי די שפיעלען פלעגט מען דארפען געהן נאקעט, און די גריכען פלעגען אבלאכען פון די יודישע יונגע לייט וואס זיי טראגען אויף זייער לייב א צייכען פון יודישקייט. דאס איז געווען גענוג אורזאכע, אז די העללעניסטען זאלען אויפהערען מל צו זיין זייערע קינדער, און די שוין גע'מל'טע פלעגען זיין „מושכי ערלה".

עס איז געקומען אזוי ווייט, אז די העללעניסטישע כהנים גדולים, וועמעס אויפגאבע עס איז געווען צו זיין די היטער פון דער יודישער אמונה, האבען גאר געצוואונגען די יודען מיט געוואלד צו פערלאזען זייער גלויבען. פיעל פון די יודישע געלעהרטע זענען געטוידטעט געווארען נאר דערפאר, וואס זיי האבען זיך געהאלטען פעסט אן זייער יודישקייט.

צו פערדאנקען די אריסטאקראטישע העללעניסטען מיט די העללע-ניסטישע כהנים גדולים, האט די סיריש-גריכישע רעגירונג זיך גענומען אריינמישען אין די ענינים פון דער יודישער אמונה. די דאזיגע פאלקס-פעררעטער האבען פשוט פער'מוסר'ט די יודישע תורה, אז זי לערנט שנאה און פעראכטונג צו אלע אנדערע פעלקער, און אז מען דארף דערום מיט געוואלט צווינגען די יודען צו פערלאזען דיעזע שעדליכע לעהרען. און די מסירות האבען געהאט זייער ווירקונג: עס האבען אנגעפאנגען די שוידערליכע רדיפות און גזרות, וועלכע האבען ערדייכט זייער העכסטע מדרגה אין די צייטען פון דעם „משוגענעם אנטיוכוס" און וועלכע האבען זיך געענדיגט ערשט דאן, ווען די השמונאים זענען ארוים די זיעגער אין דעם גרויסען בעפרייאונגס-קאמפף.

דיעזער פערביטערטער קאמפף געגען אלץ וואס איז יודיש, וואס די העללעניסטען האבען אנגעפיהרט, האט ארויסגערופען אין לעבען די פארטיי פון די „חסידים". די לעצטע זענען, ווי עס איז געוועהנליך דער פאל אין פארטיי-קעמפפע, אוועק צו'ם אנדערען עקסטרעם. עס זענען געשאפען געווארען נאך מעהר נייע סיגים און גדרים, וועלכע האבען געהאט די אויפגאבע צו דערווייטערען די יודען פון דער גריכישער קולטור. דער האס געגען אלעם וואס איז גריכיש איז געווארען אלץ גרעסער און גרעסער. די גריכישע שפראך, גריכישע נעמען, גריכישע שפיעלען און „חכמת יונית" בכלל איז געווען טרפה ווי-חזיר. מען האט פערשאלטען יעדען, וואס לערנט חכמת יונית. די אלע מאמרים און אגדות אין תלמוד, וואו די גריכישע קולטור ווערט שארף אנגעגריפען, שטאמען אב פון יענע צייטען.

די חשמונאים האָבען געזיגט. דאָס יודישע פאָלק האָט ניט נאָר גע־קריגען זיין רעליגיעזע פרייהייט, נאָר אויך געוויסערמאַסען זיין פּאָלי־טישע זעלבסטשטענדיגקייט. דער בית המקדש איז גערייניגט געוואָרען; דער „שקוץ משומם" איז אַרויסגעוואָרפען געוואָרען; די העללעניסטישע כהנים גדולים זענען פעריאָגט געוואָרען. פיעלע פון די העללעניסטען זענען אויסגעהרג'עט געוואָרען; פיעלע זענען אין גאַנצען אַוועק פון ארץ ישראל אין די דערבייאיגע גריכישע פּראָווינצען — דאָס לאַנד איז ריין געוואָרען פון די העללעניסטען. מיט דעם פערשווינדען פון די העללע־ניסטען זענען אָבער אויך די חסידים אַראָב פון דער בימה: זיי זענען מעהר ניט נויטיג געווען. מיט דעם אָנפאַנג פון דער חשמונאים־הערשאַפט טרעפען מיר מעהר ניט די נעמען פון דיעזע ביידע פאַרטייען.

דאָס לעבען פון פאָלק האָט זיך אָבער נישט אָבגעשטעלט. די אור־זאַכען וואָס האָבען אַרויסגערופען די מיינונגס־פערשידענהייטען זענען מעהר אָדער וועניגער נאָך געבליעבען די זעלבע. עס זענען דערום ענט־שטאַנדען נייע פּאַרטייען אויף די אַלטע יסודות. אמת, די מיינונגס־פער־שידענהייטען זענען שוין מעהר נישט געווען אַזוי שאַרף און בולט, דער קאַמפּף ניט אַזוי האַרטנעקיג, דער האָט ניט אַזוי ביטער, אָבער פאַרטייען האָבען דאָך עקזיסטירט. דיעזע פאַרטייען זענען עס — די צדוקים און די פרושים.

צוויי הויפּט־שטרעמונגען זענען געווען צו בעמערקען אין דעם דאַ־מאָלסדיגען לעבען פון דעם יודישען פאָלק, וועלכע האָבען זיך איינע די אַנדערע סותר געווען. איינע איז בעשטאַנען אין דעם, אַז די יודען זאָלען ווערען גלייך מיט אַלע אַרומיגע פעלקער, וועלכע זענען גע־ווען אונטער דעם איינפלוס פון דער גריכישער קולטור. די אַנדערע, דאַגעגען, האָט געשטרעבט דערצו, אַז די יודען זאָלען בלייבען אַ „עם לבדד ישכון", אַן אָבגעזונדערט פאָלק מיט זיינע אייגענע מנהגים און דינים, מיט זיין אייגענעם אַרט לעבען, מיט זיין אייגענער קולטור, און דאַרום זיך דערווייטערען וואָס מעהר און מעהר פון אַלעם וואָס עס איז פרעמד, הויפּטזעכליך פון אַלעם וואָס עס איז גריכיש.

דיעזע שטרעמונגען האָבען זיך פריהער אויסגעדריקט אין דעם העללע־ניזם פון איין זייט און אין די „חסידים" פון דער אַנדערער. שפּעטער, אונטער עטוואָס געענדערטע אומשטענדען, האָבען זיי זיך אויסגעדריקט אין די „צדוקים" און די „פרושים". און וועהרענד די מיינונגען פון די צדוקים קומען זיך צוזאַמען אין פיעלע הינזיכטען מיט די מיינונגען פון

די העללעניסטען, זענען די לעהרען פון די פרושים כמעט די זעלבע ווי די לעהרען פון די חסידים. די צדוקים זענען געלאַסענערע העללעניסטען; די פרושים וועניגער פרעכבערענטע חסידים. אין די ביידע פעלע זענען עס געווען די מיוחסים און די רייכע, וועלכע האָבען געזוכט די פרעמדע קולטור, וועהרענד די שיכטען וואָס זענען געשטאַנען נעהנטער צום פאָלק, צום המון עם, האָבען זיך געהאַלטען פעסט אָן דער אייגענער פאָלקס-קולטור.

ווי געזאָגט, האָט דאָס יודישע פאָלק דורך דעם זיעג פון די חשמונאים ניט נאָר געוואונען זיין רעליגיעזע פרייהייט, זאָנדערן צום טהייל אויך זיין פאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט. די נייע הערשער פון דעם יודישען פאָלק האָבען זאָגאר געשטרעבט צו מאַכען פון דעם לאַנד יהודה אַ וועלטליכע מאַכט. עס פערשטעהט זיך, אַז אונטער דיעזע אומשטענדען איז געווען פשוט אַנ'אוממעגליכקייט צו פיהרען אַ'פּראָפּאַגאַנדאַ, וועל-כע זאָל בעצוועקען די פערניכטונג פון דער אקאָרשט געוואונענער נאַציאָנאַ-לער זעלבסטשטענדיגקייט און וואָס זאָל פרעדיגען די אַסימילירונג פון דעם יודישען פאָלק מיט די אַרומיגע פעלקער. ביי די צדוקים געפינען מיר דאַרום נישט מעהר דיעזע אַנטי-נאַציאָנאַלע אַגיטאַציאָן, וועהרענד דער קאַמפף געגען דער „תורת זקנים", געגען דער זאָגענאַנטער „תורה שבעל פה" ווערט פאַרטגעזעצט מיט דער זעלבער ביטערקייט. די צדוקים האָבען ניט בעקעמפפט דעם יודענטהום אַלס אַזעלכען; זיי האָבען אויך ניט, בדרך כלל, בעקעמפפט די יודישע נאַציאָנאַליטעט. זיי האָבען נאָר בעקעמפפט אַ בעשטימטען יודענטהום — דעם יודענטהום פון די פרושים.



ווען אייגענטליך די צדוקים זענען אַרויסגעטראָטען אַלס אַ פּאַרטיי, און וואָס דיעזער נאָמען בעדייטעט, איז ניט אין גאַנצען קלאָר. די שפּעטערע תלמודיסטען האָבען דעם ענין אין גאַנצען פערפלאָנטערט, ווייל זיי זענען ניט געווען בעקאַנט מיט דער היסטאָריע פון יענע צייטען. אין פיעלעם זענען אָבער אויך שולדיג די פערשיעדענע קריסטליכע צענזורען פון דעם תלמוד, וועלכע האָבען אַוועקגעשטעלט דאָס וואָרט „צדוקי" דאָרטען וואו עס האָט געדאַרפט שטעהן „מין". מען טרעפט דאַרום אָן אין תלמוד

גאַנץ אָפֿט די טענות פֿון די „מינים"*) אין דעם מויל פֿון א צדוקי (שבת, קט"ז.)

וועגען דער אָבשטאַמונג פֿון די צדוקים ווערט אין תלמוד (אבות דרבי נתן) דערצעהלט פֿאָלגענדע מעשה: אנטיגנוס איש סוכו האָט גע-דרשנ'ט פֿאַר זיינע תלמידים: „אל תהיו כעבדים המשמשין את הרב על מנת לקבל פרס" — איהר זאָלט נישט זיין ווי די שקלאַפֿען וואָס דינען זייער הערן פֿאַר דאָס שטיקעל ברויט. דיעזע הויך עטהישע לעהרע איז שלעכט פֿערשטאַנען געוואָרען פֿון צוויי פֿון זיינע תלמידים. „הייסט עס", האָבען זיי געזאָגט, „אַז אויף יענער וועלט איז ניטאָ קיין שכר ועונש, טאָ וואָרום זאָל מען ניט לעבען א גוטען טאָג אויף דיעזער וועלט?" זיי זענען דאַרום אַרויסגעטרעטען און געגרינדעט צוויי נייע סעקטען — די צדוקים און די ביתוסים."

דיעזע מעשה פֿון דעם תלמוד האָט אָבער א גאַנץ קנאַפּען היסטאָרישען ווערטה. אנטיגנוס האָט, לויט דער טראַדיציע, געלעבט נאָך פֿאַר דער צייט פֿון די העללעניסטען און די חסידים, און זיינע תלמידים האָבען דאָך נישט געקאָנט ווערען די גרינדער פֿון די פּאַרטייען, וועלכע זענען ענט-שטאַנדען פֿיעל שפּעטער. דאַן איז דאָ צונויפֿגעמישט געוואָרען די צדוקים מיט די ביתוסים, וועהרענד די לעצטע זענען געווען פֿיעל שפּעטער, אין די צייטען פֿון הורדוס דעם גרויסען, און האָבען זיך גערופֿען נאָך דעם נאָמען פֿון דער פֿאַמיליע ביתוס, פֿון וועלכע הורדוס האָט געמאַכט כהנים גדולים אויף דעם פּלאַץ פֿון די ערמאָרדעטע חשמונאים.

מאַנכע פֿון די נייע היסטאָריקער ווי, צום ביישפּיעל, גייגער, בע-הויפּטען, אַז דער נאָמען צדוקים שטאַמט פֿון דעם נאָמען צדוק, דער כהן גדול, וועלכער האָט געלעבט אין שלמה המלך'ס צייטען. די פֿאַמיליע „צדוק" האָט געהאַט די כהונה גדולה אין דער גאַנצער צייט פֿון דעם ערשטען בית המקדש און אויך אין צווייטען בית המקדש ביז די צייטען פֿון די חשמונאים, וועלכע האָבען פֿערנומען זייער פּלאַץ. דיעזע „צדוקים", די אַלטע אַריסטאָקראַטיע זאָל זיך שפּעטער האָבען פֿעראייניגט מיט די חשמונאים, די נייע אַריסטאָקראַטען, אום צוזאַמען צו בעהערשען דעם פֿאָלק. דיעזע השערה לעגט זיך וועניג אויף'ן שכל, ווייל עס איז דאָך אונגלויבליך, אַז די נייע אַריסטאָקראַטיע, די חשמונאים, זאָל זיך רופֿען

*) די מינים זענען ע"ס די יודיש-קריסטליכע סעקטען, הויפּטזעכליך די גנאָס-טיקער, די „יודעים".

מיט דעם נאָמען פון דער אַלטער אַריסטאָקראַטיע, אויב עס זאָל שוין אַפילו זיין מעגליך, אַז צוויי דינאַסטיעס זאָלען קאָנען לעבען בשלום איינע מיט דער אַנדערער.

אַ גאַנץ אַנדערע אינטערעסאַנטע ערקלערונג וועגען דער אָבשטאַמונג פון דיזע נעמען גיט פּראָפעסאָר דארנבערג. ער בעהויפּטעט, אַז דאָס וואָרט צדוקים שטאַמט פון דעם וואָרט צדיקים — די גערעכטע. די צדוקים האָבען זיך נעמליך גערופען צדיקים, ווייל זיי האָבען גענלויבט צו טהון אַלעס וואָס גערעכט איז, און האָבען אויסגעמידען צו טהון אַלעס וואָס מען טאָר ניט. זיי ווילען אָבער ניט טהון לפנים משורת הדין, זיך אָבצוהיטען פון זאַכען וואָס מען מעג נאָכ'ן דין יאָ טהון. זיי ווילען ניט אַנערקענען די נייע נדרים און סיגים — זיי ווילען ניט זיין פּרושים (אָבגעזונדערטע, אָבגעהיטע). דער אמת'ער נאָמען פון דער פּאַרטיי איז אַלזאָ „צדיקים", און נאָר זייערע געגנער האָבען זיי גערופען „צדוקים" כדי פון זיי חוזק צו מאַכען. דאָס זעלבע האָבען געטהון די צדוקים, וועלכע האָבען אָנגעגריפען זייערע געגנער, רופענדיג זיי פּרושים" (בטלנים) און זאָגאָר „מכת פּרושים" — די פּרושים-מכה.

ביי די שפּעטערע תלמודיסטען זענען ווירקליך ביידע נעמען סיי „צדוקי" סיי פּרושי", נאָר שימפּפווערטער. מיט דעם וואָרט „צדוקי" ווערט בעצייכענט אַמאָל סתם אַן אַפּיקורס און אַ כופר, אַן אַנדערע מאָל אַ גנאָסטיקער און ווידער אַמאָל אַ הפקר-מענש. מיט דעם וואָרט „פּרושי" ווערט אָפט בעצייכענט אַ בטלן, אַ פאַנאַטיקער און אויך אַ צבועק.*)

אָבער וועהרענד עס זענען פאַרהאַן מיינונגס-פערשידענהייטען וועגען דער בעדייטונג פון דיזע נעמען, זענען דאַגעגען אַלע היסטאָריקער מסכים, אַז די צדוקים זענען אַרויסגעטרעטען אַלס פּאַרטיי ערשט אין די צייטען פון די השמונאים (מורה נבוכי הזמן, דור ודור ודורשיו, גרעטץ און דארנבערג).

* * *

די אַלע חלוקי דעות צווישען די פּרושים און די צדוקים קענען איינגעטיילט ווערען אין די פאָלגענדע גרופּען:

*) זעה סוטה כ"ב: ת"ר שבעה פּרושין הן וכו'.

1) וועגען דער הנהגה פון דער מלוכה, ד. ה., וועגען דעם שטאַאַטס-לעבען.
2) אין זייער פילאָזאָפיע און מאָראַל.
3) אין די רעליגיעזע צערעמאָניען.
4) אין קרימינאַל-און ציוויל-געזעצען.

וועגען דער הנהגה פון דער מלוכה: די ערשטע השמונאים זענען נאָר געווען נשיאים און כהנים גדולים. זיי האָבען נאָך ניט געהאט די העזה זיך צו קרוינען מיט'ן טיטול „מלך" און זיך געהמען די קעניגליכע מאַכט, אָבוואָהל דאָס לאַנד יהודה איז שוין מעהר ניט געווען אונטערגעוואָרפען אונטער דער הערשאַפט פון די גריכען. די ערשטע השמונאים האָבען פשוט מורא געהאַט, אַז דורך אַזאַ געוואַגטען שריט וועלען זיי ערוועקען געגען זיך דעם צאָרן פון פאָלק, וועלכער האָט געקראָגען אַ שטאַרק אַנטי-מאָנאַרכיסטישע ערציהונג דורך די „אנשי כנסת הגדולה", די „חסידים" און שפּעטער די „פרושים". ניט וויל אַלע דיעזע לעהרער פון פאָלק זענען געווען רעפּובליקאַניש אין דעם זינען ווי מיר פערשטעהען עס איצטער, נאָר וויל זיי האָבען אַוועקגעשטעלט די תורה איבער אַלץ. יעדער, וואָס האָט געלערנט די תורה און געפאָלגט איהרע בעפעהלען איז שוין דערמיט גופא געוואָרען גלייך בערעכטיגט מיט'ן כהן גדול, נשיא אָדער קעניג. עס איז געווען אַ פאָלשטענדיגע דעמאָקראַטיע, וואו נאָר גאָט און זיין וואָרט, די תורה, האָט געהאַט צו זאָגען: עס איז געווען אַ מין געטליכע רעפּובליק. און אויב דאָס פאָלק וואָלט אויף זיך גענומען די הערשאַפט פון אַ קעניג, האָט ער געמוזט זיין דער לאַנג-ערוואַרטעטער „משיח בן דוד", דער גאָט-געזאַלבטער קעניג פון דער פאַמיליע דוד, וועלכער דאַרף מיט זיך פערקערפּערן די געטליכע גערעכטיגקייט אויף דער ערד. און ערשט ער, דיעזער אמת'ער ערלעזער, וועט ברענגען די אמת'ע גאולה און וועט צוריקקעהרען צום יודישען פאָלק זיין שטאָלץ און גלאַנץ. די השמונאים, וועלכע האָבען קיין שום שייכות ניט געהאַט מיט דער פאַמיליע דוד, האָבען דאַרום די ערשטע צייט אפילו ניט געחלומ'ט צו ווערען מלכים. עס איז זאָגאַר מעגליך, אַז זיי גופא האָבען געוואַרט און געהאָפט אויף דעם בן-דוד.

די ערשטע השמונאים זענען געווען פרושים און האָבען זיך געפיהרט לויט די לעהרען פון די תורת זקנים. אַזוי שנעל אָבער ווי זייערע נאָכפאָלגער האָבען זיך ערוואָרבען דורך זייערע נצחונות איבער די בענאַכבאַרטע פעלקער אַ גרעסערע מאַכט, זענען זייערע בעציהונגען צו די פרושים געענדערט

גֶעוואָרֶען. דאָס איז גֶעווען אוּנפֶערמײַדליך, ווײַל די לֶעהרֶען פוּן די פרושים זֶענֶען גֶעווען ניט נאָר גֶעגֶען די אינטערֶעסֶען פוּן דער השמונאים־דינאַסטיֶע, זאָנדערן אויך גֶעגֶען די אינטערֶעסֶען פוּן דער גאַנצער בֶּעאַמטֶען־קלאַסֶע און דער אַריסטאָקראַטיֶע, פאַר וועלכֶע עס האָט זיך בֶּעסער גֶעלוינט אַ מלוכה. די לֶעהרֶען פוּן די צדוקים זֶענֶען דאַגֶעגֶען גֶעווען ווי אָנגֶעמאָסטֶען פאַר די נײַע אומשטֶענדען, פאַר דער נײַער ריכטונג אין דעם פאָליטישֶען לֶעבֶּען.

די צדוקים האָבֶּען ניט גֶעגלויבּט אין אַ משיח׳ן, וועלכער דאַרף אָבּשטאַמֶען פוּן דער דוד פאַמיליֶע. דאָס איז גֶעווען ווי גֶעוואונשֶען פאַר די הערשזיכטיגֶע שטרֶעבּונגֶען פוּן דער נײַער השמונאים־דינאַסטיֶע. זיי, די השמונאים, קענֶען אַלזאָ אויך ווערֶען מלכים. זיי קענֶען נֶעהמֶען די לײַצֶעס פוּן דער רֶעגירוּנג אין זייערֶע אייגֶענֶע הענד, און רֶעגירֶען אַזוי ווי זיי גֶעפינֶען פאַר ריכטיג.

ווײַטער, די כהנים ווערֶען בֶּעטראַכט אַלס אַ פּריווילֶעגירט״ קלאַסֶע, אַלס מֶענשֶען וועלכֶע שטֶעהֶען אויף אַ העכערֶע מדרגה. די אַלֶע דינים פוּן טומאה זֶענֶען דאַרוּם הויפּטזעכליך גילטיג נאָר פאַר די כהנים. דאָס האָט זעהר גֶעשמייכֶעלט די השמונאים, וועלכֶע זֶענֶען גֶעווען כהנים. אגב האָט עס גֶעגֶעבֶּען אַ מֶעגליכקײַט אָבּצושאַפֶען די טומאה אויף חוץ לארץ, וועלכֶע די „חסידים״ האָבּען אײַנגֶעפירט אין זייער קאַמפף גֶעגֶען דעם העלֶעניזמוּס. דאָס איז גֶעווען אַ גרויסער גֶעווינס פאַר דער ענטוויקלוּנג פוּן דעם פאָליטישֶען לֶעבּען פוּן לאַנד, דען מיט דער אָבּשאַפוּנג פוּן דיזער גזרה איז מֶעגליך גֶעוואָרען צו מאַכֶען פאָליטישֶע און עקאָנאָמישֶע אָבּמאַכוּנגֶען און פערבינדוּנגֶען מיט אַנדערֶע פעלקער און לֶענדער.

צוויי מֶעהר אָדער ווֶעניגער היסטאָריש־ריכטיגֶע מעשיות גֶעפינֶען זיך אין תלמוד וועגֶען יֶענער צײַט, וועלכֶע כאַראַקטעריזירֶען גאַנץ גוּט דעם פאָליטישֶען קאַמפף וואָס איז דאַמאָלס פאָרגֶעקוּמֶען צווישֶען די פרושים און די צדוקים.

די ערשטֶע מעשה לויטֶעט בקצור אַזוי: דער קעניג ינאי*) האָט זיך צוריקגֶעקֶעהרט פוּן אַ מלחמה, דורך וועלכֶע ער האָט גֶעוואוּנֶען זעכציג שטֶעדט. ער האָט דאַן גֶעמאַכט אַ סעודה אויף וועלכֶע ער האָט אײַנגֶעלאַדֶען

---

*) ביי יאזעפוס געפינט זיך אויך די זעלבע מעשה, אבער אנשטאט ינאי המלך ווערט זי דערצעהלט אויף יוחנן הורקנוס. דער נוסח פון יאזעפוס איז דער ריכטיגער.

אַלע חכמים. ביי דער סעודה האָט אלעזר בן פועירה פער׳מוסר׳ט דעם קעניג: די פרושים האָבען א האַרץ אויף דיר. האָט זיך דאָרט געפונען אַן אַלטער פרוש יהודה בן גדידא, וועלכער האָט געזאָגט: „קעניג ינאי, זאָל זיין פאַר דיר גענוג די מלוכה. און לאָז די כהונה צו אמת׳ע כהנים, ווייל דיין מוטער איז געווען א געפאַנגענע אין די צייטען פון אנטיוכוס״... עס האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז דער חשד איז געווען א פאַלשער. דער קעניג איז נאַטירליך געוואָרען זעהר בייז און האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל יהודה בן גדידא׳ן בעשטראָפען. די פרושים האָבען גע׳פסק׳נט, אַז איהם קומט נאָר מלקות, ווי יעדען וואָס איז מוציא לעז אויף זיין חבר. דאָס איז ינאי׳ן גאָר ניט געפעלען געוואָרען: צו בעליידיגען דעם קעניג און דעם כהן גדול איז, הייסט עס, ניט קיין גרעסערע זינד ווי צו בעליידיגען א פּראָסטען מענשען. ער איז דאַרום געוואָרען א צדוקי, פערפאָלגענדיג די פרושים. (קידושין ס״ו).

די אַנדערע מעשה איז פאָלגענדע: דעם קעניג ינאי׳ס א קנעכט האָט גע׳הרג׳עט א מענשען. שמעון בן שטח האָט געשיקט צום קעניג ער זאָל קומען צו די סנהדרין שטעהן צום געריכט, וואַרנענדיג די לעצטע אונטערדעסען, אַז זיי זאָלען דעם קעניג ניט נושא פנים זיין. דער קעניג איז געקומען און האָט זיך געזעצט. „קעניג ינאי״, האָט אויסגערופען שמעון בן שטח, „שטעל זיך, און הער וואָס די עדות האָבען צו זאָגען געגען דיר״. ינאי האָט זיך בעליידיגט און האָט געענטפערט: „אויב די איבריגע ריכטער וועלען עס מיר אויך הייסען טהון, וועל איך עס טהון״. און ער האָט זיך געקעהרט צום רעכטען זייט, האָבען זיי געשוויגען; האָט ער זיך געקעהרט צום לינקען זייט, האָבען זיי אויך געשוויגען. ר׳ שמעון בן שטח האָט דאַן געשאָלטען די ריכטער פאַר זייערע פיינהייט. (סנהדרין, י״ט).

פון דיעזע ביידע מעשיות איז אַרויסצוזעהן, אַז די פרושים האָבען זיך געהאַלטען שטאַרק אָן דעם כלל, אַז אַלע, דער גרעסטער ווי דער קלענסטער, דאַרפען זיין גלייך פאַר׳ן געזעץ.

דיעזער דעמאָקראַטישער גייסט פון די פרושים האָט עס זיי אַזוי בעליעבט געמאַכט ביים פאָלק, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט זעהר פיעל צו ליידען פון זייערע משונה׳דיגע חומרות. די פרושים האָבען געקעמפפט פאַר דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט פאַר דעם געזעץ, אפילו ווען עס האַנדעלט זיך וועגען דעם נשיא און כהן גדול. זיי האָבען ניט געוואָלט צוגעבען, אַז דער הערשער זאָל האָבען מעהר

פריווילעגיען ווי א געוועהנליכער בשר ודם. דאס פאלק האט אינסטינקטיוו געפיהלט, אז די פרושים זענען זיינע פריינד, די פערטיידיגער פון זיינע רעכטע, און עס האט זיי דארום מוחל געווען די אלע חומרות, די אלע שוועריגקייטען, וואס זיי האבען אויף איהם ארויפגעלעגט. אזוי שנעל דארום ווי די השמונאים פאמיליע האט זיך פעראייניגט מיט די צדוקים און האט אפגעשאפט די איינריכטונגען פון די פרושים, האט זי, דיזע פאמיליע, אלץ מעהר און מעהר פערלארען דאס אנזעהן אין די אויגען פון פאלק.



אין זייער פילאזאפיע און מאראל: דער יסוד אויף וועלכען די צדוקים האבען בעגרינדעט זייערע מיינונגס-פערשידענהייטען איז בעשטאנען אין דעם, אז אלע אנדערע שריפטען און טראדיציאנען אויסער די געשריבענע תורה פון משה'ן זענען ניט הייליג און בינדענד. דערפאר איז זיי געווען אזוי לייכט זיך אבצוזאגען פון דער פאמיליע דוד און פון א צוקינפטיגע גאולה, וועגען וועלכע עס ווערט אין דער תורת משה גאר ניט גערעדט. צוליעב דיזעלבע אורזאכע האבען זיי אויך לייכט געקענט אבלייקענען אין א לעבען נאכ'ן טויט און אין תחית המתים, וועלכע ווערען אין דער תורה גאר ניט דערמאנט.

די פרושים זענען דארום געצוואונגען געווארען ארייצופשטלען דיזע אלע אמונות אין די ווערטער פון דער תורה גופא. מען געפינט גאנץ אפט אין דעם תלמוד די פראגע פון א צדוקי „מנין לתחית המתים מן התורה?“— וואו שטעהט אין דער תורה אז די טוידטע וועלען לעבעדיג ווערען, אדער „אמריתו דשכבי היי“ — איהר זאגט אז די טויטע ווערען לעבעדיג, און באלד דארויף געפינט זיך א פשט'ל אדער א קל וחומר, וועלכער פרובירט בעווייזען, אז תחית המתים איז יא דערמאנט אין דער תורה. דאס זעלבע איז אויך מיט'ן ערווארטעטען משיח, וועלכער ווערט אריינגעפשט'לט אין די ברכה פון יעקב צו יהודה'ן.

אז די צדוקים האבען פון דיזע אלע אמונות ניט געהאלטען, געפינט מען אויך ביי יאזעפוס'ן און אין נייעם טעסטאמענט. אזוי, צום ביישפיעל, דערצעהלט דער שליח פאול, אז ער האט זיך ארויסגעדרעהט פון די סנהדרין נאר דורך דעם, וואס ער האט געטענה'ט, אז ער איז א פרוש און גלויבט אין תחית המתים, און דארום האט ישוע געקענט לעבעדיג ווערען

נאָכ'ן קרייציגען (מפעלות השליחים, כ"ג).

די צדוקי'שע אַנזיכטען איבער „השארת הנפש" געפינען זיך פערבלאָנדזשעט אין מאַנכע שטעלען פון דעם תלמוד ווי, צום ביישפּיעל, „שננא, חטוף ואכול, חטוף ושתי דעלמא דאזלינן מיניה כהילולא דמי" — יונגערמאַן, האַפּ און עס, האַפּ און טרינק, וואָרום די וועלט פון וועלכער מיר געהען איז געגליכען צו אַ חתונה. אָדער: „בני, אם יש לך, היטב לך; שאין בשאול תענוג ואין למות התמהמה; ואם תאמר אניח לבני חוק, בשאול מי יגיד לך? בני האדם דומים לעשבי השדה, הללו נוצצין והללו נובלין" — ד. ה., מיין קינד, אויב דו האָסט איז דיר גוט; דער טוידט קומט זיכער און אין קבר איז קיין פערגניגען ניטאָ. און טאָמער ווילסטו עס לאָזען פאַר דיינע קינדער, וואָס וועט עס דיר העלפען אין קבר. די מענשען זענען ווי גראָז, דיעזע בליהען און דיעזע וועלקען. (עירובין, נ"ד).

אַם קלאָרסטען געפינט זיך עס אָבער אין קהלת, וועלכער איז, לויט גרעטץ און האַופּט, לכתחלה פערפאַסט געוואָרען פון אַ צדוקי, און ערשט שפּעטער געענדערט געוואָרען: „דאָס וואָס טרעפט דעם מענשען און דאָס וואָס טרעפט די בהמה איז איינס: ביידע שטאַרבען זיי און איין „גייסט" האָבען זיי אַלע. עס איז ניטאָ קיין יחוס פון דעם מענשען איבער דער בהמה — אַלעס איז נאַריש. אַלעס געהט אין איין פלאַץ; אַלעס קומט פון דער ערד און אַלעס געהט צוריק אין דער ערד. ווער וויים עס, צי דער מענשליכער „גייסט" געהט אין דער הויך און דער „גייסט" פון דער בהמה געהט אַראָב אונטען אין דער ערד?"

זייערע אַנזיכטען איבער שכר ועונש איז אויך אַם שאַרפסטען אויסגעדריקט אין קהלת: „אַ לעבעדיגען הונד איז בעסער ווי אַ טוידטען לייב. אמת, די לעבעדיגע וויסען, אַז זיי וועלען שטאַרבען, אָבער די טוידטע וויסען דאָך גאָר ניט; זיי האָבען שוין ניט אויף וואָס צו וואַרטען; זיי זענען שוין לאַנג פערגעסען. זייער ליעבע, זייער האַס, זייער קנאה איז לאַנג פערלאָרען; זיי נעהמען מעהר קיינמאָל קיין אַנטייל אין אַלעס וואָס פּאַסירט אונטער דער זון... אַלעס וואָס דו קענסט טהון מיט דיין קראַפט זאָלסטו טהון, וואָרום אין גרוב, וואוהין דו געהסט איז ניטאָ קיין טועכץ, קיין רעכנונג, קיין וויסען און קיין חכמה".

די מאָראַל ־ון די צדוקים איז אַלזאָ געווען אַ ריין עפּיקורעאישע: אַרויסצונעהמען פון לעבען וואָס מעהר פערגניגענס. די תורה איז נאָר געגעבען געוואָרען, כדי די מענשען זאָלען קענען לעבען גליקליך, רוהיג און צופריעדען אויף דיעזער וועלט. און אויך דאָ האָבען די צדוקים

געהאט די תורה אויף זייער זייט, וועלכע פערשפרעכט נאר עולם הזה׳דיגע גוטס, ווי, לאנגע יאהרען, גערעטעניש און פריעדען — פאר גוטע מעשים. די צדוקים פלעגען דארום לאכען פון די פרושים, „וועלכע האבען צרות אויף דער וועלט, כדי זיי זאלען גארנישט קריגען אויף יענער וועלט, און אליין פלעגען זיי לעבען א גוטען טאג און זיך „בענוצען מיט גילדענע און זילבערנע כלים". (אבות דרבי נתן, פרק ה׳).

דיעזע עפיקורעאישע מאראל איז אבער לויט איהר נאטור נאך נאר אנ׳אריסטאקראטישע. זי קען נאר גילטען פאר די רייכע און פאר די זאטע. די מאסען, דער גרויסער רוב פון פאלק האט סאי ווי סיי נאר צרות און דחקות און יסורים אויף דער וועלט. פאר די פאלקס-מאסען איז די פערשפרעכונג פון דער תורה צו זיין גליקליך אויף דיעזער וועלט געווען א מין חוזק מאכען. מען האט דארום געמוזט די איינפאכע פסוקים פון דער תורה עקלערען אזוי, אז זיי זאלען זיך פאסען אויף א יענע וועלט „למען ייטב לך לעולם שכולו טוב" — ד. ה. כדי עס זאל דיר גוט זיין, מיינט עס, אויף דער וועלט וואס איז דורכאויס גוט. מען האט געמוזט בעשאפען, עס האט זיך שוין אליין בעשאפען, א יענע וועלט מיט א לעבען נאכ׳ן טוידט, וואו דער צדיק ווערט בעלוינט און דער רשע בעשטראפט. נאר דאס אליין האט געקענט זיין א גענוגענדע תשובה צו דער אייביגער, גרויסער שאלה פון „צדיק ורע לו, רשע וטוב לו" — ווארום לעבט זיך דעם שלעכטען אזוי גוט, ווערענד דער צדיק ליידט אזוי פיעל. דיעזע פראגע האט שוין לאנג צוריק ניט געלאזען רוהען די מוחות פון די נביאים, ווי חבקוק און ירמיהו; זי ווערט אויך בעהאנדעלט אין איוב. די תורה, לויט ווי די צדוקים האבען איהר פערשטאנען, ד. ה., לויט דעם פראסטען פשט, האט אויף דעם קיין ענטפער ניט געגעבען.

*

*

אין די רעליגיעזע צערעמאניען: די צדוקים האבען געהאט איין וויכטיגע אויפגאבע פאר זייערע אויגען, און זי איז געווען: צו דערהעכערען דעם אנזעהן און דעם יחוס פון דעם כהונה-שטאנד. זיי האבען דארום געזעהען, אז דער פראסטער עולם זאל וואס ווייניגער אנטייל נעהמען אין די פערשידענע רעליגיעזע צערעמאניען. וועגען דעם, אז זיי האבען בעהויפטעט, דאס פיעל פון די דינים פון טומאה זענען נאר געזאגט גע-

וואָרען פאַר די כהנים, האָבען מיר שוין גערעדט. מיר וועלען דאָ נאָר ברענגען איינִיגע ביישפּיעלע, פון וועלכע מען קען לייכט אַרויסזעהן זייער כוונה:

1) זיי האָבען ניט אַנערקענט דעם מנהג פון „נסוך המים" און „חבוט הערבה", אין וועלכע דאָס גאַנצע פאָלק האָט אַנטהייל גענומען. ביים פאָלק איז דער ערשטער מנהג געוועזען אַזוי טייער, אַז עס איז שיער נישט געקומען צו אַ רעוואָלוציאָן, ווען דער קעניג ינאַי האָט דיזען מנהג מבזה געוועזען.

2) דעם „קרבן תמיד" האָט מען, לויט דער מיינונג פון די צדוקים, געקענט קויפען פון די נדבות פון די יחידים, וועהרענד די פרושים האָבען געלערנט, אַז דאָס געלד אויף דעם דאַרף גענומען ווערען פון דעם אוצר פון דעם בית המקדש. די צדוקים האָבען פשוט עס געוואָלט, אַז מען זאָל ניט ריהרען די געלדער פון דעם אוצר פון בית המקדש; זיי האָבען געוואָלט האָבען אַ נייע הכנסה פאַר די כהנים.

3) אַרום דער „פרה האדומה" האָבען זיך, לויט די לעהרען פון די צדוקים, געדאַרפט בעשעפטיגען נאָר די כהנים, וועלכע זענען אַלס קלאַסע מעהר הייליג. דאַגעגען האָבען די פרושים געלערנט, אַז אויך אַ ניט-כהן, אַ „זר", מעג זיך בעשעפטיגען ביים פערברענען און צוזאַמענקלייבען די אַש.

4) די צדוקים האָבען געלערנט, אַז די „מנחה" וואָס ווערט געבראַכט מיט'ן קרבן געהערט צו די כהנים; די פרושים האָבען דאַגעגען בעהויפּטעט, אַז מען דאַרף זי פערברענען.

* *

אין קרימינאַל און ציוויל-געזעצען: די צדוקים האָבען האָט אַ „ספר גזרתא", אַ מין געזעץ-בוך, לויט וועלכען זיי פלעגען פסק'ענען אַלע קרימינעלע פערברעכען. די פרושים האָבען אַזאַ געשריבענעם געזעץ-בוך ניט אַנערקענט. זיי פלעגען זייערע פסקים אָנהענגען אָן דער תורה, און בעהאַנדלען יעדען פאַל בעזונדער. די שטראָפען פון די צדוקים האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט האַרטקייט און ברוטאַליטעט, וועהרענד די פרושים זענען געוועזען זעהר מילד אין דיזער בעציהונג. דיזער „ספר גזרתא" פון די צדוקים איז פערברענט געוואָרען, ווען די פרושים האָבען צוריקגעקראָגען די מאַכט. דאָס פאָלק האָט יענעם טאָג, ווען דאָס האָט

פאסירט, געמאכט פאר א יום־טוב. די צדוקים האבען ניט אנערקענט די „תורת זקנים" און האבען דארום זיך פעסט געהאלטען אן די פרימיטיווע געזעצען פון תורת משה. זיי האבען דארום געלערנט, אז „עין תחת עין" מיינט טאקע אנ'אויג פאר אנ'אויג, און דאס זעלבע אויך וועגען די אנדערע ענהליכע געזעצען.

זייער האלטונג צו די שקלאפען איז געוועזען אפילו ערגערע ווי די דאזיגע פון די פרושים. די צדוקים האבען געשטעלט די שקלאפען אויף דער מדרגה פון בהמות, ווי דאס האבען געטהון די גריכען. זיי האבען דארום געלערנט, אז דער בעל־הבית דארף בעצאהלען פאר דעם שאדען, וואס דער שקלאף טהוט, פונקט ווי ער דארף צאהלען פאר דעם שאדען, וואס זיין בהמה טהוט. די פרושים זענען געוועזען געגען דיעזען שטאנדפונקט.

מען קאן דא ברענגען נאך מעהרערע ביישפיעלע פון די מיינונגס־פערשיעדענהייטען צווישען די צדוקים און די פרושים אויף אלע געביעטען פון לעבען, אבער דיעזע זענען גענוג, אז דער לעזער זאל קריגען א מעהר אדער וועניגער קלארען בעגריף וועגען יענע ביידע פארטייען און זייער טהעטיגקייט. דער עיקר איז אבער בעשטאנען אין דעם, וואס די צדוקים האבען ניט אנערקענט אלס הייליג קיינע אנדערע שריפטען אויסער דער תורה. די פרושים זענען דורך דעם געצוואונגען געווארען אריינצופּשמ־לען זייערע אלע נייע דינים און תקנות אין די ווערטער פון דער תורה.

ווי אזוי זיי האבען עס געטהון, און וועלכע מעטאדען זיי האבען געברויכט, וועלען מיר זעהן אין פאלגענדען קאפיטעל.

# IV.

# די מעטאָדען צו פאַרשען די תורה.

---

עס איז שוין בעמערקט געוואָרען אין פאָריגען קאַפּיטעל, אַז דער קאַמפף, וואָס עס האָט זיך אָנגעפאַנגען געגען די נייע איינריכטונגען, געגען דער „תורת זקנים", האָט געבראַכט דערצו, וואָס מען האָט געזוכט אַריינצו־בּרענגען דיזע אַלע איינריכטונגען אין דעם זין פון די ווערטער פון דער תורה גופא. דורך דעם האָט מען געמיינט צו פעריכערען און פערפעסטיגען דעם אָנזעהן פון דער „תורה שבעל פה" ניט נאָר אין די אויגען פון פאָלק, זאָנדערן. אויך אין די אויגען פון איהרע געגנער.

אום דיזען צוועק צו ערריכען איז אָבער דער איינפאַכער זין פון דער תורה, דער פּראָסטער פשט אַליין, ניט געווען גענוג. עס איז נויטיג געוואָרען זיך צו גריבלען אין די ווערטער, אויסגעפינען זייער טיעפערען מיין, אויספאָרשען די ווייטערע כונה פון פסוק — דאָס האָט געהייסען „דרש", פאָרשונג. מען דאַרף אָבער ניט פערגעסען, דאָס אָבוואָהל מען האָט זיך שטאַרק אָבגעגעבען מיט'ן זוכען דעם טיעפערען זין פון פסוק, איז דעננאָך ניט פערוואָרפען געוואָרען די אויגענשיינליכע בעדייטונג. דער כלל איז דאַרום: „הדרשה תדרש ואין המקרא יוצא מידי פשוטו" — זאָל די פאָרשונג פאָרטגעזעצט ווערען, אָבער דער איינפאַכער זין פון דעם פסוק קאָן ניט געענדערט ווערען.

צוויי סאָרטען „דרש" געפינען זיך אין תלמוד: איינער הייסט „מדרש הלכה", די פאָרשונג פון געזעץ, און ווערט געברויכט אום צו בעגרינ־דען אָדער אַרויסצודרינגען אַ געוויסען געזעץ (הלכה) פון פסוק. דער אַנ־דערער הייסט „מדרש אגדה" אָדער הגדה, און ווערט געברויכט אום אַרויסצונעהמען טאַקע פון דעם זעלבען פסוק גופא אַ מוסר השכל, אַ עטהישע לעהרע אָדער אַ נייעם געדאַנק.

דיזע ביידע סאָרטען דרשנים אָדער פאָרשער זענען ווייט ניט אַלע מאָל געווען פריינדליך צווישען זיך. די „בעלי הלכה" האָבען זיך בעטראַכט

אַלס פִיעל העכער ווי די „בעלי האגדה“ און האָבען געקוקט אויף די לעצטע מיט פעראַכטונג. די בעלי האגדה פון זייער זייט ווידער האָבען ניט זעלטען געמאַכט חוזק פון די שטאָלצע „בעלי ההלכה“ מיט זייערע ענדלאָזע געזעצען און פלפולים. זיי זענען געווען צוויי גאַנץ פערשידענע סאָרטען מענשען מיט פערשידענע אויפגאַבען און ציעלען: טרוקענע יוריסטען פון איין זייט און בעגייסטערטע פאָעטען פון דער אַנדערער. און דאָך ווי זאָנדערבאַר דאָס זאָל ניט אויסקומען, זענען די מעטאָדען, וועלכע זיי האָבען געברויכט אין זייערע „פאָרשונגען“, געווען כמעט איינע און די זעלבע.

לעת עתה וועלען מיר זיך בעשעפטיגען נאָר מיט דעם מדרש הלכה.

די „מדות שהתורה נדרשת בהן“, ד. ה., די מעטאָדען ווי די תורה ווערט געפאָרשט קאָנען איינגעטהיילט ווערען אין צוויי הויפט-גרופען:

1) אין ריין לאָגישע, וואו דער נייער געזעץ ווערט בעגרינדעט אויף ריין לאָגישע יסודות, און

2) אין שפּראַכליכע, וואו דער נייער געזעץ ווערט בעגרינדעט אויף די איינגענטהימליכקייטען פון דער שפּראַך, אין וועלכער אַ בעשטימטער פסוק איז געשריבען. אַ איבריג וואָרט, אַן איבריגער אות, אַ געוויסער אויסדרוק, אַ ווידערהאָלונג און דערגלייכען איז גענוג אום אַרויסצו-דרינגען אַ נייען געזעץ אָדער נייע איינצעלהייטען אין אַן אַלטען געזעץ.

מאַנכע פון דיעזע מעטאָדען זענען שוין געוועזען בעקאַנט אין גאַנץ אַלטע צייטען. די יודישע געלעהרטע זענען וואַהרשיינליך בעאיינפלוסט געוואָרען פון דער אַריסטאָטעל׳שער לאָגיק, מיט וועלכער זיי האָבען זיך בעקענט. צווישען דיעזע עלטערע מעטאָדען געפינט זיך אויך דער „קל וחומר“, וועלכען אפילו די צדוקים האָבען אַנערקענט (ידים, פרק ד׳, משנה ז׳). אַנדערע דאַגעגען זענען פּראָדוקטען פון אַ שפּעטערע צייט.

דער ערשטער, אין וועמעס נאָמען עס ווערט געגעבען אַ קלאַסיפיצירונג פון דיעזע „מדות“ אָדער מעטאָדען, איז הלל הזקן. ביז זיין צייט האָט מען זיך הויפּטזעכליך געפיהרט לויט ווי די פאָרשטעהער פון די סנהדרין האָבען געהאַט בקבלה, טראַדיציאָנעל, פון זייערע פאָרגעיגער. די אַלע טראַדיציאָנעלע געזעצען און מנהגים זענען דאַמאָלס געווען גוט בעקאַנט, און מען האָט זיך ניט געדאַרפט קליגען זיי צו בעגרינדען מיט אַלערליי שכל׳דיגע המצאות.

דאַן אָבער האָבען זיך אָנגעפאַנגען אונרוהיגע צייטען אין דעם לאַנד יהודה. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די אומגליקליכע מלחמה צווישען די

צוויי השמונאים ברידער יוחנן הורקנס און אַריסטובול איבער דער מלוכה. דער רוימישער אָדלער איז געריפען געוואָרען אַלס דער עהרליכער פשרה־מאַכער מיט דעם רעזולטאַט, אַז דאָס יודישע פאָלק האָט אויף אַלע מאָל פערלאָרען זיין זעלבסטשטענדיגקייט, פאַלענדיג ענדליך אונטער דעם אייזערנעם יאָך פון די רוימער.

יענע שוידערליכע, לאַנגע און בלוטיגע ברודער־מלחמה, אין וועלכער פילע טויזענדער יודען האָבען פערלאָרען זייער לעבען און דאָס גאַנצע לאַנד איז שיער הרוב געוואָרען, האָט זיך געענדיגט דערמיט, וואָס די גאַנצע השמונאים־דינאַסטיע איז אונטערגעגאַנגען. די יודישע מלוכה איז אַריבער אין די הענד פון אַ פרעמדען; דער זוהן פון אַ געצוואונגענעם גר, אַן אַדומי, הורדוס דער שרעקליכער, אָדער דער גרויסער, איז געוואָרען דער יודישער קעניג.

דאָ איז ניט דער פלאַץ צו געבען אַ כאַראַקטעריסטיק פון דיזען הורדוס דעם גרויסען, וועלכער איז אין פילע הינזיכטען געוועזען עהנליך צום רוסישען צאַר איוואַן דעם שרעקליכען. דאָ איז נאָר נויטיג צו בע־מערקען, אַז דיזער הורדוס האָט ניט ליעב געהאַט צו מאַכען לאַנגע מהוקות מיט זיינע שונאים. ניט נאָר ער האָט געטוידט אַלע השמונאים, אפילו זיין אייגענע ווייב, כדי עס זאָלען זיך ניט בעווייזען נייע פרעטענ־דענטען אויף דער מלוכה, נאָר ער האָט אויך ערמאָרדעט אַלע געלעהרטע פון דעם סנהדרין. ער האָט זיי ניט געקאָנט מוחל זיין, וואָס לאַנג צוריק, ווען ער איז נאָך געוועזען גענעראַל אין גליל, האָבען זיי איהם געוואָלט פעראורטהיילען צום טוידט. ער האָט זיך מיט זיי אָבגערעכענט אויפ'ן שוידערליכסטען אופן, ווען ער איז עולה לגדולה געוואָרען.

עס פערשטעהט זיך, אַז אַזאַ שרעקליכע מהומה־צייט איז ניט געוועזען גינסטיג פאַר דער פאָרשונג פון דער תורה. די תלמידי הכמים זענען אויס־גע'הרג'עט געוואָרען, דער אָנזעהן פון דעם סנהדרין איז געפאַלען, פילע הלכות זענען פערגעסען געוואָרען, און עס האָט געהאַלטען, אַז „די תורה זאָל פערגעסען ווערען", ווי דער תלמוד דריקט זיך אויס, „ביז הלל הזקן האָט איהר צוריקגעבראַכט פון בבל".

ווען הלל הזקן האָט זיך צוריקגעקעהרט אין ארץ ישראל איז דאָס לאַנד שוין געוועזען מעהר אָדער ווייניגער בערוהיגט. די פרושים, וועלכע האָבען הורדוס'ן קיינמאָל ניט אַנערקענט און איהם שטענדיג גערופען „עבדא" (שקלאַף), האָבען זיך אין גאַנצען אָבגערוקט פון פּאָליטישען לעבען און האָבען זיך בעגראָבען אין די טיעף איילען פון הלכה. הייזע

טהעטיגקייט פון די פרושים האט הורדוס׳ן וועניג געקימערט און ער האט זיי דארום געלאזען צו־רוה. הלל הזקן איז גראדע געווען די פאסענד־סטע פערזאן פאר אזא מין טהעטיגקייט. א רוהיגער, שטילער, גוטער מענש, וועלכער האט פיינד געהאט זיך צו מישען אין פאליטיק; א מענש, וועלכער האט געזעהן דעם העכסטען ציעל אין לעבען אין דער פער־עדלערונג און פערפיינערונג פון דעם מענשען גופא; ווער עס האט געהאט נאר איין־איינציגע אויפגאבע — צו לערנען ליעבע צום צווייטען, אט אזעלכער איז געווען הלל הזקן, א מין גראף טאלסטאי פון יענע צייטען. פאר אזעלכע סארטען מענשען שרעקען זיך די הערשער געוועהנליך ניט צופיעל... הורדוס האט איהם, ווי עס ווייזט אויס, געקאנט פערטראגען, און הלל הזקן איז געווארען דער נשיא.

* *

*

די מעטאדען, וועלכע הלל הזקן, אלס נשיא, האט איינגעפיהרט אין דער פארשונג פון דער הלכה, ווערען דערמאנט אין אבות דרבי נתן (פרק ל״ז), און זיי זענען זיעבען אין צאהל. שפעטער האט ר׳ ישמעאל געמאכט פון זיי דרייצעהן. די צוויי און דרייסיג מדות פון ר׳ אליעזר זענען געוויסע הוספות, וועלכע האבען מעהר צו טהון מיט דעם „מדרש אגדה״.

די ערשטע מדה איז קל וחומר. קל מיינט לייכט; חומר מיינט שווער, הארב. דער געדאנק דערפון איז, אז פון א לייכטע זאך קאן מען לערנען אויף א שווערע, ד. ה., אויב די לייכטע זאך איז פערבאטען, מוז די הארבערע זאך אודאי פערבאטען זיין, אפילו ווען דער פערבאט אויף דער לעצטער איז ניט דערמאנט.

לאמיר עס אילוסטרירען מיט א ביישפיעל: שבת ווערט בעטראכט אלס הייליגער ווי יום־טוב. אלעס דארום, וואס איז פערבאטען צו טהון אום יום־טוב, איז אודאי פערבאטען צו טהון אום שבת. אין דיעזען פאל איז דער יום־טוב דער קל (די לייכטערע זאך) און שבת דער חומר (די הארבערע זאך); אז אלעס, וואס איז פערבאטען צו טהון אום יום־טוב, איז אודאי פערבאטען צו טהון אום שבת, איז דער לאגישער שלוס פון דער לייכטקייט פון יום־טוב און דער הארבקייט פון שבת.

יעדער קל וחמר, ווי אירגענד וועלכער סיללאגיזם, בעשטעהט פון דריי טהיילען: פון צוויי גרונד־זעצע אדער הנחות און איין שלוס אדער

פּועל־יוצא. אין אונזער געגעבענעם ביישפּיעל וועט זיין אַזוי:

א) די ערשטע הנחה: יום־טוב איז לייכטער אַלס שבת.

ב) די צווייטע הנחה: אַ געוויסער פערבאָט איז גילטיג אויף יום־טוב.

ג) דער פּועל יוצא: דער פערבאָט מוז בודאַי זיין גילטיג אויף שבת.

עס פערשטעהט זיך, אַז אין יעדען סיללאָגיזם קאָן דער פּועל יוצא נאָר דאַן זיין ריכטיג, ווען די הנחות זענען ריכטיגע; אויב די לעצטע זענען פאַלש, קאָן מען לאָגישער־ווייזע בעווייזען אַלע אונמעגליכקייטען. דער חסרון וועט זיין ניט מיט דער לאָגיק, נאָר מיט די גרונד־זעצע, אויף וועלכע דער לאָגישער בנין איז אויסגעבויט.

דאָס זעלבע איז מיט אַ קל וחומר. עס מוז פריהער זיין זיכער, אַז די ביידע זאַכען, וועגען וועלכע עס ווערט גערעדט, שטעהען איינע צו דער אַנדערער אין דער בעציהונג פון גרינגערן צום האַרבערן. ווען, למשל, אין אונזער ביישפּיעל פון יום טוב און שבת וואָלט געקאָנט בעוויזען ווערען, אַז אין איינעם אָדער מעהרערע פּונקטען איז יום־טוב האַרבער אַלס שבת, ווערט דער גאַנצער קל וחומר פערוואָרפען. וואָרום קוים איז מעגליך, אַז יום־טוב איז האַרבער אין איין פּונקט, קאָן ער דאָך אויך זיין האַרבער אין אַ צווייטען פּונקט. ווען אַ קל וחומר ווערט אויף אַזאַ אופן פערוואָרפען, איז עס בעקאַנט אין תלמוד מיט דעם טעכנישען נאָמען „פרכא דדינא".

אין תלמוד געפינט זיך זעהר אָפט גאַנץ ווילדע קל וחומר׳ס, וועלכע ווערען אָבער טאַקע באַלד דאָרטען גופא פערוואָרפען, ווייל די הנחות ווערען בעוויזען צו זיין ניט ריכטיג. אין די פּלפּולים, וואָס קומען דערביי פאָר, ווייזט זיך אָפט אַרויס זעהר פיעל לאָגישער שאַרפזין.

די תלמודיסטען האָבען גאַנץ גוט איינגעזעהן די מעגליכקייט פון אַלערליי כאָפּיטשישע קל וחומר׳ס און האָבען דאַרום בעגרענצט די בעדייטונג פון דיעזער מעטאָדע אין בעצוג צו די אַרויסגעדרונגענע געזעצע. די בעגרענצונגען זענען דריי:

1) „דיו לבא מן הדין להיות כנדון" — דער אַרויסגעדרונגענער געזעץ דאַרף ניט זיין האַרבער אויף דער האַרבערער זאַך, ווי עס איז דער אָריגינעלער געזעץ אויף דער לייכטערער. אין אונזער געגעבענעם ביישפּיעל פון יום־טוב און שבת, קאָן דער פערבאָט אויף שבת ניט זיין שטאַרקער, ווי עס איז דער פערבאָט אויף יום־טוב.

2) „אין עונשין מן הדין" — פון אַ קל־וחומר קאָן מען נאָר אַרויס־דרינגען אַ פערבאָט (אַ"איסור), אָבער ניט קיין בעשטראָפונג.

3) אין דנין קל וחומר מהלכה" — פון אַ טראַדיציאָנעלען געזעץ קאָן מען דורך אַ קל וחומר ניט אַרויסדרינגען קיין נייען געזעץ.

די צווייטע מדה איז גזרה שוה. די ווערטערליכע איבערזעצונג פון גזרה שוה וועט זיין אַ „גלייכער טהייל" אָדער אַ „גלייכער בעשלוס". דיעזע מעטאָדע בעשטעהט אין דער אַנאַלאָגיע פון גלייכע אויסדריקע אין פערשיעדענע פלעצער פון דער תורה. טעכניש ווערט דיעזע מדה געברויכט אין תלמוד אויף צווייערליי אופנים: ערשטענס, צו ערקלערען אַ ניט־קלאָרען אויסדרוק אין דער תורה, אָהנע דערביי אַרויסצובריינגען אַ נייעם געזעץ; און צווייטענס, עס ווערען פערגליכען צוויי פערשיעדענע געזעצע אין דער תורה, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך דעם זעלבען אויס־דרוק, כדי די אַלע איינצעלהייטען, וואָס ווערען געזאָגט וועגען איינעם, זאָלען אויך גילטען אויף דעם צווייטען.

דער ערשטער אופן הייסט „למוד סתום מן המפורש" — מען לערנט דאָס אונבעוואוסטע פון דעם בעוואוסטען. אין דער תורה, צום ביישפיעל, שטעהט געשריבען: איהר זאָלט פייניגען אייערע לייבער אום יום־כפור (תענו את נפשותיכם). די פראַגע איז, וואָס מיינט דאָס וואָרט „תענו"? מיט וואָס זאָל מען די לייבער פייניגען? נון, געפינט זיך אַ פסוק, וואו עס שטעהט געשריבען „ויענך וירעיבך" — און ער האָט דיך געפייניגט און געהונגערט. אין יענעם פסוק איז קלאָר, אַז „ויענך" הייסט הונגערן. דאָס וואָרט „תענו" אַלזאָ, וואָס שטעהט ביי יום־כפור מיינט דאַרום אויך הונגערן: יום־כפור אַלזאָ טאָר מען ניט עסען. *)

דער אַנדערער אופן פון „גזרה שוה" קאָן אַם בעסטען אילוסטרירט ווערען מיט פאָלגענדער מעשה, וואָס געפינט זיך אין תלמוד (פסחים, ס"ו): עס האָט געטראָפען, אַז פסח איז אויסגעפאַלען אום שבת. די „בני בתירא", וועלכע זענען דאַמאָלס געוועזען די נשיאים, האָבען ניט געוואוסט די הלכה, צי מעג מען מקריב זיין דעם קרבן פסח אום שבת אָדער ניט. הלל הזקן, וועלכער איז דאַמאָלס אָנגעקומען פון בבל,

*) אט איז די תלמוד"ישע פארמולע וועגען דיעזען ענין:
„נאמר כאן תענו את נפשותיכם,
ונאמר להלן ויענך וירעיבך.
מה להלן ענוי רעבון,
אף ענוי שנאמר כאן — ענוי רעבון" (יומא ע"ד).

האָט געפּסק'ענט, אַז מען מעג דורך די פאָלגענדע „גזרה שוה״:
„נאמר מועדו בפסח ונאמר מועדו בתמיד
מה מועדו האמור בתמיד דוחה את השבת
אף מועדו האמור בפסח דוחה את השבת.״

ד. ה., עס שטעהט, מען זאָל שעכטען דעם קרבן־פּסח אין דער צייט, און עס שטעהט אויך, אַז מען זאָל שעכטען דעם קרבן־תמיד אין דער צייט; אַזוי ווי דער „אין דער צייט״, וואָס איז געזאָגט געוואָרען ביים קרבן תמיד, איז דוחה שבת, אַזוי איז אויך דער „אין דער צייט״ פון קרבן־פּסח דוחה שבת.

עס פערשטעהט זיך, אַז אַזעלכע אַנאַלאָגיען פון אויסדריקע האָט געקאָנט זעהר אָפט מיסברויך ווערען, און די תלמודיסטען האָבען דאַרום געפונען פאַר נויטיג צו בעגרענצען דעם געברויך פון דער גזרה שוה אויף די פאָלגענדע וועגען:

1) אום צו מאַכען אַ גזרה שוה, מוז לכל־הפחות איינער פון די גלייכע אויסדריקע זיין איבריג. דאַמאָלס הייסט עס „מופנה מצד אחד״ — ליידיג פון איין זייט; ווען די ביידע אויסדריקע זענען איבריג איז נאָך בעסער, און עס הייסט דאַמאָלס אַ „מופנה משני צדדים״.

2) „אין אדם דן גזרה שוה מעצמו״ — קיינער האָט קיין רעכט ניט אַרויסצודרינגען אַ דין פון אַנ'איינענער גזרה שוה; זי דאַרף זיין בעקאַנט און איבערגעגעבען בקבלה פון די פריהערדיגע דורות.

די דריטע מדה איז בנין אָב. די ווערטליכע איבערזעצונג וועט זיין „דער געבוי פון אַ הויפּט־געזעץ״, אַ גענעראַליזאַציע. דער געדאַנק דערפון איז, אַז אַ געווייסער ספּעציעלער געזעץ ווערט געמאַכט אין אַ הויפּט־געזעץ, ד. ה., ער ווערט גענעראַליזירט, כדי ער זאָל אויך גילטיג זיין אויף אַלע עהנליכע פעלע. דערצו איז נאָר נויטיג, אַז מען זאָל אויספאָרשען די בעגרינדונג פון דעם ספּעציעלען געזעץ; און אויב די זעלבע בעגרינדונג קאָן אויך זיין גילטיג אויף אַנדערע פעלע, ווערט דער זעלבער געזעץ געלעגט אויף יענע אַלע פעלע.

לאָמיר נעהמען אַ ביישפּיעל:

אין דער תורה שטעהט געשריבען, אויב איינער וועט געהן מיט זיין חבר אין וואַלד האַקען האָלץ און די האַק וועט אַרויספאַלען פון זיין האַנד און טרעפען דעם חבר, וועלכער וועט דערפון שטאַרבען, דאַרף דער מערדער אַנטלויפען אין די ערי מקלט, ווייל ער האָט עס געטהון אומגערן. די תלמודיסטען האָבען פון דיזען געזעץ געמאַכט אַ בנין־אב

און האָבען אויסגערעכענט פיעלע ענהליכע פעלע, וואו דער אומגערעכט־דיגער מערדער דאַרף אַנטלויפען (זעה: מכות, אלו הן הגולין). אַנאַליזירענדיג דעם געזעץ אין דער תורה, זענען די תלמודיסטען געקומען צום שלוס, אַז דער אומגערעכט־דיגער מערדער דאַרף נאָר דאַן אַנטלויפען אין די ערי־מקלט, ווען דער מאָרד האָט פּאַסירט אין אַן עפענטליכען פּלאַץ, אין אַ פּלאַץ וואו דער ערמאָרדעטער האָט געהאַט אַ רעכט אַריינצוגעהן, און דער מערדער האָט געדאַרפט זיין פאָרזיכטיג. ווען אָבער דער אומגערעכט־דיגער מאָרד האָט געטראָפען אין דעם רשות פון דעם מערדער, איז ער אין גאַנצען אונשולדיג, ווייל ער האָט דאָך ניט געקאָנט ערוואַרטען ביי זיך אַ פרעמדען מענשען. אָט איז די תלמודישע פאָרמולע:

„מה היער רשות לניזק ולמזיק לכנס לשם

אף כל רשות לניזק ולמזיק לכנס שם

יצא חצר בעל הבית שאין רשות לניזק לכנס שם."

ד. ה., אַזוי ווי דער וואַלד (וועלכען די תורה ספּעציפיצירט) איז אַ פּלאַץ וואו סיי דער געשעדיגטער און סיי דער שעדיגער מעגען אַריינקומען, אַזוי איז אויך יעדער פּלאַץ וואו סיי דער געשעדיגטער און סיי דער שעדיגער מעגען אַריינקומען (דאַרף דער אומגערעכט־דיגער מערדער אַנטלויפען אין די ערי מקלט); אַרויסגענומען פון דיעזען כלל זענען אָבער יענע פּלעצער, וואו דער בעשעדיגטער קאָן ניט אַריינקומען; דאָרטען איז דער אומגערעכט־דיגער מערדער אין גאַנצען פריי.

אין דעם געגעבענעם ביישפּיעל ווערט געמאַכט דער בנין־אב פון איין פסוק, און ער הייסט דאַרום „בנין־אב מכתוב אחד". אַ בנין־אָב קאָן אָבער אויך געמאַכט ווערען פון צוויי פסוקים, ד. ה., צוויי איינצעלנע געזעצע קאָנען אויך ווערען גענעראַליזירט. דאָס איז בעקאַנט אַלס די פיערטע מדה און רופט זיך: „בנין־אָב משני כתובים, אַ גענעראַליזאַציע פון צוויי פסוקים.

ווען אַ בנין־אָב ווערט געמאַכט פון צוויי פסוקים, ווערט פריהער בעוויזען מיט וואָס זיי אונטערשיידען זיך איינער פון דעם אַנדערען; דאַן ווערט בעוויזען די כאַראַקטעריסטישע איינענשאַפטען, וועלכע זיי ביידע בעזיצען. דיעזע כאַראַקטעריסטישע איינענשאַפטען זענען עס די אורזאַכען, וואָרום אַ געוויסער געזעץ איז גילטיג פאַר זיי ביידען גלייך. דער פועל יוצא דערפון וועט זיין, אַז אַלע די פעלע, וועלכע בעזיצען די זעלביגע כאַראַקטע־ריסטישע איינענשאַפטען, בעלאַנגען צו דער זעלבער קאַטעגאָריע, און דער געגעבענער געזעץ איז דאַרום אויך גילטיג פאַר זיי.

די תלמודישע פאָרמולע איז דאַן:
„לא הרי זה כהרי זה ולא הרי זה כהרי זה.
הצד השוה שבהן — — —
אף כל — — —

דאָס הייסט, דער איז ניט גלייך צו יענעם, און יענער איז ניט גלייך צו דעם; ביידע אָבער האָבען פאָלגענדע אייגענשאַפטען — — — פאָלגליך, אַלע פעלע, וואָס האָבען די זעלבע אייגענשאַפטען — — — און אַזוי ווייטער.

אַלע פעלע, וואָס האָבען די זעלבע אייגענשאַפטען — — — —און אַזוי ווייטער.

די פינפטע מדה איז „כלל ופרט" און „פרט וכלל". „כלל" מיינט אַ גענעראַליזאַציע; „פרט" מיינט אַ ספּעציפיצירונג. אַ געזעץ איז געשריבען בדרך כלל, ווען ער האָט אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער און איז גילטיג אויף פיעל ענהליכע פעלע; אַ געזעץ דאַגעגען איז געשריבען בדרך פרט, ווען ער איז גילטיג נאָר אויף איין געגעבענעם פאַל.

אין דער תורה געפינען זיך פיעלע געזעצע, וועלכע פאַנגען זיך אָן מיט אַ כלל און ענדיגען זיך מיט פרטים, מיט איינצעלנע פעלע; עס געפינען זיך אויך אַזעלכע געזעצע וואָס פאַנגען זיך אָן מיט פרטים, מיט איינצעלנע פעלע, און ענדיגען זיך מיט אַ כלל, מיט אַ גענעראַליזאַציע. די ערשטע פאָרמע הייסט כלל ופרט — פריהער קומט דער כלל און דערנאָך דער פרט; די אַנדערע פאָרמע הייסט פרט וכלל — פריהער קומט דער פרט און דערנאָך דער כלל.

די תלמודיסטען נעהמען אָן, אַז איבעראַל וואו דער געזעץ פאַנגט זיך אָן מיט אַ „כלל" און ענדיגט זיך מיט אַ „פרט", איז די כונה פון דעם געזעצגעבער צו בעגרענצען דעם געזעץ, אַז ער זאָל נאָר זיין גילטיג אויף דעם פרט. אויפ'ן תלמודישען לשון הייסט עס: „כלל ופרט — אין בכלל אלא מה שבפרט".

פאָלגענדער ביישפיעל וועט עס ערקלערען:

אין דער תורה שטעהט געשריבען: „אַ מענש פון אייך, ווען ער וועט וועלען ברענגען צו גאָט אַ קרבן פון בהמות, זאָל ער פון רינדער און שאָף ברענגען זיין קרבן". ווען די תורה זאָגט „בהמות" איז עס אַ „כלל" — אַלע סאָרטען בהמות; ווען זי זאָגט ווידער „רינדער און שאָף" איז עס אַ פרט, עס ווערט ספּעציפיצירט, וועלכע סאָרטען מען מיינט מיט דעם וואָרט בהמות. די תלמודיסטען קומען דאַרום צום שלוס „בקר וצאן

אמרתי לך ולא היה" — נאר רינדער און שאף מעגסטו ברענגען פאר א קרבן, אבער ניט קיינע אנדערע חיות.*)

ווען דער געזעץ פאנגט זיך אן מיט א „פרט" און ענדיגט זיך מיט א „כלל" נעהמען דאגעגען די תלמודיסטען אן, אז די כונה פון דעם געזעצגעבער איז געווען צו גענעראליזירען, פעראלגעמיינען, דעם געזעץ. דער געזעץ איז דאמאלס גילטיג ניט נאר אויף דעם פרט, נאר אויף אלעס, וואס קאן אריינקומען אין דעם כלל. אין דיעזען פאל איז דער פרט נאר א ביישפיעל. אויף דעם תלמודישען לשון ווערט עס הייסען „פרט וכלל — נעשה הכלל מוסיף על הפרט ומרבינן הכל".

פאלגענדעס איז א ביישפיעל פון פרט וכלל:

אין דער תורה שטעהט געשריבען: „און אזוי זאלסטו טהון צו זיין עזעל, און אזוי זאלסטו טהון צו זיין קלייד, און אזוי זאלסטו טהון צו אלעס, וואס ווערט ביי דיין ברודער געהן פערלארען." ווען די תורה רעדט וועגען אן עזעל אדער א קלייד איז עס א פרט: ווען זי זאגט ווייטער „צו אלעס, וואס ווערט ביי דיין ברודער געהן פערלארען" איז עס שוין א כלל. די תלמודיסטען בעהויפטען דארום, אז מען דארף אומקעהרען צום אייגענטהימער ניט נאר א פערלארענעם עזעל אדער א פערלארענע קלייד, זאנדערן אירגענד וועלכע אנדערע זאך (זעה בבא מציעא, כ"ז, אין דער משנה).

די זעקסטע מדה הייסט „כיוצא בו במקום אחר". די ווערטליכע איבערזעצונג דערפון איז „עהנליכעס דערצו אין אנאנדער פלאץ", און דאס מיינט, אז א געוויסער פסוק ווערט ערקלערט דורך דעם, וואס אין אנאנדער פלאץ געפינט זיך עהנליכעס צו איהם, וואו די כונה קומט ארויס קלעהרער.

די זיעבעטע מדה איז „דבר הלמד מעניני", א זאך וואס מען לערנט פון זיין ענין. ווען א ווארט אדער אן אויסדרוק אין א געוויסען פסוק איז ניט אין גאנצען קלאר, דארף מען איהם פערשטעהן נאכן סדר פון דעם ענין וועגען וואס עס רעדט זיך.

* *
*

*) דאס ווארט „בהמה" אין העברעאיש לענט זיך אויך אויף חיות.

הלל הזקן׳ס זיבען מדות זענען די גרונד־מעטאָדען, וועלכע ווערען געברויכט אין תלמוד צו ערפאָרשען און בעגרינדען די נייע געזעצע. אויף דעם יסוד פון דיזע מדות האָט ר׳ ישמעאל אויסגעאַרבייט די בעקאַנטע „שלש עשרה מדות שהתורה נדרשת בהן״ (די דרייצעהן מעטאָדען ווי די תורה ווערט אויסגעפאָרשט). דער אונטערשיעד איז אַ גאַנץ קליינער, ביי ר׳ ישמעאל׳ן זענען נאָר דאָ עטליכע וואַריאַציאָנען אויף דער מדה פון כלל ופרט.

די צוויי און דרייסיג מדות פון ר׳ אליעזר זענען, ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרען פריהער, הויפּטזעכליך גילטיג פאַר דער אגדה, אָבער אויך זיי ענטהאַלטען אין זיך די דרייצעהן מדות פון ר׳ ישמעאל.

אויסער דיזע געפינען זיך אויך אַנדערע מעטאָדען, וועלכע זענען געשאַפען געוואָרען שפּעטער. די מייסטע פון יענע זענען ריין שפּראַכליכע: געוויסען ווערטער, ווי צום ביישפּיעל „רק״ (נאָר), „גם״ (אויך), „את״ (מיט), וועלכע זענען אין תוך גענומען נאָר ביי־ווערטער און קאָנען ניט האָבען קיין ספּעציעלען מיין, ווערען דענאָך פון מאַנכע תלמודיסטען בענוצט, און אַרויסצודרינגען נייע געזעצע. מיט דיזער מעטאָדע האָט זיך הויפּטזעכליך בענוצט ר׳ עקיבא. זיי זענען אָבער בשום אופן ניט בינדענד פאַר אַלעמען, און מאַנכע תלמודיסטען ווילען זיי ניט אַנערקענען, טענה׳נדיג אַז „דברה תורה כלשון בני אדם״ — די תורה דריקט זיך אויס ווי מענשען ריידען.

מיין כונה איז ניט געווען דאָ צו געבען אַ פולע אָבהאַנדלונג וועגען די „מדות שהתורה נדרשת בהן״. דאָס וואָלט אפשר געווען אינטערעסאַנט, אָבער דאָס איז אַ גאַנץ שווערער און ברייטער ענין. איך וויל אָבער האָפען, אַז מיר איז געלונגען צו געבען דעם לעזער אַ מעהר אָדער ווייניגער קלאָרען בעגריף וועגען די תלמודישע מעטאָדען, וועלכע זענען גאָר ניט אַזוי נאַריש, ווי מאַנכער קאָן מיינען.

## V.

# שמאי און הלל און זייערע תלמידים.

פאַרצײַטענס, דערצעהלט דער תלמוד (סנהדרין פ״ח), זענען בײַ ידען ניט פאָרגעקומען קיינע פיעלע מחלוקת, קיינע גרויסע חלוקי־דעות בנוגע די ענינים פון געזעץ. אין יעדער שטאָדט האָט זיך געפונען א סנהדרין פון דרײַ און צוואַנציג, וואו אַלע שאלות פלעגען ווערען פערענטפערט. אין פאַל, ווען דער אָרטיגער סנהדרין איז געווען אין ספק, פלעגט די שאלה ענדליך ווערען פאָרגעבראַכט פאַר דעם גרויסען סנהדרין פון איין און זיעבציג, וועלכער איז געזעסען אין בית־המקדש (אין „לשכת הגזית״). דאָרטען פלעגט די פראַגע ווערען ענטשידען לויט דעם פרינציפ פון מאַיאָריטעט: ווי דער רוב פון דעם גרויסען סנהדרין פלעגט פסק׳ענען, אַזוי פלעגט בלײַבען דער דין. זינט עס האָבען זיך אָבער גענומען פערמעהרען די תלמידים פון שמאי און הלל, וועלכע האָבען ניט געלערנט גענוג („שלא שמשו כל צרכם״), האָבען זיך גענומען מעהרען די מחלוקת און די תורה איז געוואָרען ווי צוויי תורות.

דיעזע בעהויפטונג פון תלמוד שטימט פאָלשטענדיג מיט די געשיכטליכע פאַקטען. עס איז אמת, אַז די „תורה שבעל פה״ האָט אַלע מאָל געהאַט איהרע שטאַרקע געגנער, פריהער די העללעניסטען, און שפּעטער די צדוקים; אָבער דערפאַר האָט צווישען איהרע אָנהענגער און פערטהיידיגער, צווישען די פרושים, געהערשט אַ פאָלשטענדיגע איינשטימיגקײַט. שמאי און הלל זענען געווען די ערשטע צוויי פרושים, וועלכע האָבען אַרויסגעצײַגט מיינונגס־פערשידענהײַטען אין ענינים פון הלכה.

די מחלוקת און חלוקי דעות צווישען שמאי און הלל גופא זענען, אמת, געווען זעהר ווייניגע, אין גאַנצען נאָר וועגען פינף הלכות, און אויך דיעזע זענען געווען ניט פון גרויסער וויכטיגקײַט (זעה דור דור ודורשיו, פרק י״ח). אָבער די ערשטע שפּאַלטונג איז שוין דורך דעם פאָרגעקומען, און וואָס ווײַטער האָבען זיך די מיינונגס־פערשידענהײַטען אַלץ פערמעהרט, אַזוי דאָס בײַ זייערע תלמידים (בית שמאי ובית הלל)

האָבען זיי דערגרייכט אריבער דריי הונדערט (זעה דאָרטען). זיי, די בית שמאי און בית הלל, האָבען דורך דעם אויף אימער ארויפגעלעגט זייער התימה אויף דעם גאנצען כאראקטער פון דעם תלמוד. די שפּעטערע תנאים און נאָך שפּעטער די אמוראים האָבען שוין ניט געוואוסט קלאָר די הלכות, און עס זענען פאָרגעקומען נייע אונענדליכע חלוקי דעות. דער תלמוד איז דארום ניט געבליבען קיין ריינער, קלאָרער געזעץ־בוך; ער איז גיכער געוואָרען א מין זאמעל־ווערק, וואו עס ווערען דורכ־געלופטערט און דורכגעפּלפּול'ט אלערליי מיינונגען וועגען ענינים פון געזעץ, אָהנע דאָס רוב צו קומען צו א בעשטימטען שלום.

עס זענען געוועזען מעהרערע אורזאכען, וואָס האָבען ארויסגערופען דיעזע שפּאלטונג אין די רייהען פון די פּרושים גופא. טהייל פון זיי דארף מען זוכען אין דער סאָציאַל־פּאָליטישער לאגע פון יענער צייט; אנדערע ווידער — אין די פּערזענליכקייטען פון שמאי און הלל גופא, וועלכע זענען אויף פערשידענע אופנים געוואָרען בעאיינפלוסט פון דיעזע נייע פּאסירונגען.

די לאנגע מלחמות און רעוואָלוציאָנען אין די צייטען פון די לעצטע חשמונאים האָט שוין ממילא געמוזט פיהרען דערצו, וואָס פילע פון די הלכות, וועלכע האָבען ניט געטאָרט פערשריבען ווערען און זיי זענען נאָר איבערגעגעבען געוואָרען פון מויל צו מויל בקבלה, זענען פער־געסען געוואָרען. דאן איז געקומען הורדוס דער שרעקליכער, וועלכער האָט ערמאָרדעט דאָס לעצטע ביסעל פון די געבליבענע תלמידי חכמים, אזוי אז די קבלה, די טראדיציאָן, איז אין גאנצען געוואָרען איבערגעריסען.

דער סנהדרין פון איין און זיעבציג, וועלכער איז געוועזען בעטראכט אלס די העכסטע אויטאָריטעט אין ענינים פון געזעץ, האָט שוין מעהר ניט געהאט די גרויסע בעדייטונג, וואָס ער האָט געהאט פריהער. פון איין זייט איז ער גופא צושפּאָלטען געוואָרען אויף צוויי לאגערען, איינער האָט געהאלטען מיט דעם „נשיא" הלל און דער אנדערער מיט דעם „אב בית־דין" שמאי; פון דער אנדערער זייט האָט הורדוס פון איהם אוועק־גערויבט פיעל פון זיין מאכט. דער בלוט־דורשטיגער הורדוס, וועלכער האָט געהאלטען אין איין מאָרדען אונשולדיגע מענשען, האָט זיך ניט געקאָנט פערלאָזען, אז אזא סנהדרין, וואו עס געפינען זיך אזעלכע מענשען, ווי שמאי און הלל, וועט זיין א בלינדער ווערק־צייג אין זיינע הענד און סאנקציאָנירען אלע זיינע מאָרדטהאטען. ער האָט דארום געגרינדעט זיינע איינענע געריכטס־הייזער, א מין איינענעם סנהדרין, וואו דער פּאָרזיצענדער

פלעגט זיין דער כהן גדול, איינער פון יענע כהנים גדולים, וועלכע הורדוס פלעגט, ווען ער פלעגט דארפען, ערהויבען צו דיזען הויכען פאסטען, און אויך וועלכען ער האט זיך געקאנט פערלאזען. דורך דיזען סנהדרין האט עס הורדוס דורכגעפיהרט אלע זיינע שאנדטהאטען (זעה: דארנבערג, משא ארץ ישראל), דער רעזולטאט דערפון איז געווען, אז דער סנהדרין הגדול האט כמעט אין גאנצען פערלארען זיין פאליטישען ווערטה און האט געקראגען דעם כאראקטער פון אנ'אקאדעמיע.

אבער ניט נאר דאס פאלק איז בערויבט געווארען פון זיינע פאליטישע פרייהייטען; אויך די עקאנאמישע לאגע איז געווארען אלץ ערגערע און ערגער. אום אויפצוהאלטען זיין דעספאטישע הערשאפט איז הורדוס געצוואונגען געווען צו בילדען א שטענדיגע שטעהענדע ארמעע. ער האט אבער גאנץ גוט געוואוסט, אז דאס פאלק האסט און פעראכטעט איהם; ער האט דארום ניט געהאט קיין צוטרויען צום פאלק און האט זיך געדונגען פרעמדע סאלדאטען. דערצו האט ער שטענדיג געזוכט געפעלען צו ווערען די רוימישע הערשער דורך גרויסע און רייכע מתנות; דאן האט ער זיך אבגעגעבען מיט בויען נייע גרויסארטיגע געביידען. דאס אלעס האט געפאדערט פיעל געלד, און דאס האט געמוזט גענומען ווערען פון דעם ארימען פאלק, דורך נייע שווערע שטייערען.

די כהנים פון זייער זייט האבען אויך ניט געשוויגען. זיי האבען גענומען זייערע תרומות און מעשרות א. ד. גל. פשוט מיט געוואלט, „אנרייצענדיג אויפ'ן פאלק זייערע שקלאפען מיט שטעקענס אין די הענדי". דאס האט, נאטירליכערווייזע, ארויסגערופען גרויס אונצופריעדענהייט ביים פאלק. איבערהויפט זענען פערהאסט געווארען די „מוכסים" (די שטייערען-קלייבער), וועלכע האבען זיך ניט ענטזאגט פון די ברוטאלסטע מיטלען אום אויפצומאנען די צינזען. די „מוכסים" זענען בעטראכט געווארען אלס די ערגסטע מענשען; דער נאמען „מוכס" איז געווארען א שימפפווארט, און מען האט זיי זאגאר גע'פסול'ט אלס עדות. דעם האס צו די מוכסים געפינט מען ניט נאר אין תלמוד, נאר אויך אין עוואנגעליום. דאס פאלק, אלס א גאנצעס, איז געווען צו אונטערדריקט, צו ארעם און ניעדערגעשלאגען, אז עס זאל קאנען דענקען וועגען א רעוואלוציאן געגען די אייזערנע מאכט פון הורדוס. אבער דא און דארטען האבען זיך געפונען צווישען די בערג און אין די היילען גרופען פאטריאטען, וועלכע האבען געמונטערט דעם עולם, איהם געוועקט צו טהעטיגקייט, צו ווידערשטאנד ניט נאר געגען הורדוס'ן, „דעם שקלאף" און זיין דינאסטיע, נאר אויך

געגען די רוימער, ווענען זיי האבען מיט רעכט בעשולדיגט אין אלע צרות. מאנכע זענען אין זייער האס צו דער רעגירונג אוועק אזוי ווייט, אז זיי האבען געפרעדיגט געגען יעדער ארט הערשאפט בכלל; זיי האבען געלערנט, אז „מען טאר קיינעם ניט רופען „מיין הערר״ אויסער גאט״. אנדערע ווידער האבען אין די שלעכטע צייטען געזעהן אן „אתחלתא דגאולה״, אן אנפאנג פון משיח׳ס צייטען. צווישען זיי האט זיך געפונען דער בעקאנטער יוחנן דער טויפער, וועלכער האט נביאות געזאגט, אז גאט׳ס קעניגרייך קומט אן, און האט גערופען דעם עולם צו תשובה.

דיעזע פאסירונגען האבען זיך נאטירליך אויך אבגערופען אויף דעם אמאל געוועזענעם סנהדרין, וועלכער איז איצט פערוואנדעלט געווארען אין א מין אקאדעמיע, וואו שמאי און הלל זענען געוועזען די ווארטפיהרער. די ווירקונגען וואס דיעזע פאסירונגען האבען געהאט אויף דיעזע פיהרער זענען געוועזען פערשיעדען.

הלל, בטבע א גוטער און שטילער מענש, א גרויסער מענשענפריינד און רודף שלום, האט זיך וועניג אבגעגעבען מיט׳ן פאליטישען לעבען. הלל איז ניט געמאכט געווארען פון דעם שטאף, פון וועלכען עס קומען ארויס רעוואלוציאנערען, אויף דעם איז ער געוועזען צו קאלטבלוטיג, צו פיעל איבערלעגט. ער האט גאנץ גוט איינגעזעהן די אונמעגליכקייט צו פיהרען אן ערפאלגרייכען קאמפף געגען הורדוס׳ן און זיינע פריינד, די מעכטיגע רוימער; ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז אזא רעוואלוציאן קאן פיהרען צו דעם גענצליכען אונטערגאנג פון יודישען פאלק, און ער האט דארום געפרעדיגט מעסיגקייט, ער האט דארום זיך געזוכט צוצופאסען צו די נייע פאליטישע אומשטענדען. ער האט זיך, ווי עס ווייזט אויס, אין גאנצען מיאש געוועזען פון דער האפנונג, אז דאס יודישע פאלק זאל אין גיכען קאנען צוריק געווינען זיין פאליטישע זעלבסטשטענדיגקייט. ער האט געזעהן דעם קיום פון דער יודישער אומה ניט מעהר אין איהר פאליטישער זעלבסטשטענדיגקייט, זאנדערן אין איהר קולטור, אין איהר רעליגיאן. ער האט דארום אוועקגעלעגט זיין גאנצע ענערגיע אויף א קולטורעלע ארבייט. ער איז געוועזען, ווי הערר תלמודי דריקט זיך אויסגעצייכענט אויס, א „רוחני״ (זעה: השלה, כרך ח׳ „התלמוד״, פון תלמודי).

אלס א וועלכער האט הלל געהאט א גרויסע נייגונג צו פשרה-מאכעריי; צו קאמפראמיסען. דיעזע נטיה זיינע זעהט מען ארויס ניט נאר בנוגע

זיין האלטונג צו הורדוס'ן, נאר אויך אין זיינע רעליגיעזע און מאראלע אנזיכטען. דער שטרענגער פרינציפ איז איהם ניט געווען וויכטיג, ווען עס האט זיך געהאנדעלט „משום תקון העולם", צוליעב דעם וואהלזיין פון דער געזעלשאפט. צוליעב דיעזען משום „תקון העולם" האט ער זאגאר איינגעפיהרט אזעלכע זאכען, וואס זענען געווען אויסדריקליך געגען דער תורה, ווי צ. ב. דעם פרוזבול.*)

אלעמען איז בעקאנט די מעשה מיט'ן פרעמדען, וועלכער האט זיך געוואלט מגיר זיין בתנאי, אז מען זאל איהם אויסלערנען די תורה אויף איין פוס, אויף איין כלל. דער סטריקטפרינציפעלער שמאי האט דערפון ניט געוואלט וויסען און האט דעם צוקינפטיגען גר ארויסגעטריבען מיט בזיון: מען קאן ניט אויסלערנען די תורה אויף איין כלל; מען מוז אנ־נעהמען די גאנצע תורה, ווען מען וויל זיין א יוד. הלל דאגעגען האט דא געפונען אנ'אויסוועג, און האט איהם געגעבען דעם בעריהמט־געווא־רענעם ענטפער: „דעלך סני להברך לא תעביד! זוהי כל התורה כולה ואידך פירושה הוא זיל גמור" (שבת, ל"א) — וואס דו האסט פיינד זאלסטו ניט טהון דיין חבר, דאס איז די גאנצע תורה, די איבריגע איז א פירוש, געה לערן. אין דיעזען ענטפער איז געלעגען א שטיק פשרה־מאכעריי, ווארום עס איז להלוטין ניט אמת, אז דאס איז די גאנצע תורה. דער אויסדרוק גופא איז אויך געווען א שטיקעל פשרה, ווייל די תורה פערלאנגט פיעל מעהר. זי פאדערט: „ואהבת לרעך כמוך" — דו זאלסט ליעבען דיין חבר ווי זיך זעלבסט.

אין תלמוד (שבת, ל"א) ווערט דערצעהלט פון נאך צוויי גרים, וועלכע זענען פריהער געגאנגען צו'ם אלטען שמאי און ער האט זיי ביידען ארויסגעיאגט מיט חרפות, וועהרענד הלל האט זיי מגיר געווען. איינער פון די גרים האט זיך געוואלט מגיר זיין בתנאי, אז ער זאל ווערען א כהן גדול; דער אנדערער ווידער האט נאר געוואלט אנערקענען די תורה שבכתב, אבער ניט די תורה שבעל פה. אויך אין דיעזע ביידע פעלע איז שמאי געשטאנען אויפ'ן פרינציפיעלען שטאנדפונקט, וועהרענד הלל האט זיך אריינגעלאזען אין א פשרה.

---

*) לויט דעם דין פון דער תורה דארף איינער ביי דעם צווייטען ניט מאהנען קיין חוב, ווען דאס שמיטה־יאהר איז אריבער. דאס אנטליהענע געלד פלעגט אויף אזא אופן געהן פערלארען, אזוי אז דער עולם האט זיך ענטזאגט צו מאכען הלואות. הלל האט דארום איינגעפיהרט דעם „פרוזבול".

עס איז ניט וויכטיג, צי די מעשיות זענען היסטאָרישע פאַקטען אָדער שפּעטערע לעגענדען; זיי זענען יעדענפאַלס זעהר כאַראַקטעריסטיש צו פערשטעהן די פּערזענליכקייטען און די וועלט־אַנשויאונגען פון שמאי און הלל.

* *
*

עס איז אַבסאָלוט ניט אמת, אַז שמאי איז געווען אַ בייזער און אַ מענשענפיינד, ווי מען קען עס אַרויסדרינגען פון מאַנכע שטעלען אין תלמוד. עס האָט מיט שמאי געטראָפען דאָס, וואָס עס האָט אַזוי אָפט פּאַסירט מיט פיעלע אַנדערע גרויסע און גוטע מענשען, וועלכע האָבען געקעמפּפט פאַר אַזאַ זאַך, וואָס איז געשיכטליך פערורטהיילט געווען צום טויט. די שפּעטערע דורות האָבען זיי ניט פערשטאַנען און עס האָט זיך וועגען זיי געשאַפען אַלערליי לעגענדען.

אין זיין פּריוואַטען לעבען איז שמאי העכסט וואַהרשיינליך געווען פּונקט אַזוי פריינדליך ווי הלל אַליין. איינע פון זיינע לעהרען, וועלכע געפינט זיך אין „אָבות", לויטעט: „הוי מקבל את כל האדם בסבר פנים יפות" — עמפּפאַנג יעדען מענשען מיט פריינדליכקייט. אלס אַ כלל־טהוער האָט ער אָבער געהאַט גאַנץ אַנדערע איינגענשאַפטען אַלס זיין צייטגענאָסע הלל. פריהער פון אַלעס איז ער געווען אַ געגנער פון אירגענד וועלכע פשרות, דער פּרינציפּ, דאָס געזעץ איז ביי איהם געשטאַנען העכער ווי אַלעס. די טראַדיציע איז געווען ביי איהם הייליג און ער האָט פון איהר ניט געוואָלט אָבטרעטען אויף אַ האָר. דאָס האָט שוין אויך געבראַכט דערצו, וואָס ער האָט ניט געוואָלט אַנערקענען די נייע מדות, וועלכע הלל הזקן האָט איינגעפיהרט אין דער פאָרשונג פון דער תורה. די אַלע חלוקי דעות פון שמאי און הלל און שפּעטער צווישען זייערע תלמידים שטאַמען אַם מייסטען דערפון, וואָס שמאי איז געשטאַנען שטאָל און אייזען פאַר דער קבלה, פאַר דער אַלטער טראַדיציע, וועהרענד הלל און זיינע תלמידים האָבען אין דער זעלבער צייט געלעגט זעהר פיעל געוויכט אויף די „מדות", און איבעראַל, וואו די קבלה איז ניט געווען אין גאַנצען קלאָר אָדער האָט ניט איינגעשטימט מיט די נייע בעדירפניסע, פלעגען זיי זיך פערלאָזען אויפ'ן שכל, אויף דער לאָגיק.

שמאי איז ניט געווען איינער פון די יעניגע, וועלכע פּרעדיגען װאַסער פאַר אַנדערע און אַליין טרינקען זיי וויין. ער האָט אויף זיך

מהמיר געווען פיעל מעהר, ווי אויף אנדערע. ער האט זיינעם א קינד געצוואונגען צו פאסטען אום יום־כפור, און ווען זיין שנור האט געבוירען א יונגעל אום סכות, האט ער ארויסגערוקט די בעט אונטער'ן סכך, כדי דאס ניי־געבוירענע קינד זאל יוצא זיין מיט דער מצוה פון סוכה.

עס פערשטעהט זיך, אז פאר אונז איצטער קאנען אזעלכע איבריגע חומרות נאר אויסזעהען גאנץ ווילד און משוגע'דיג. אין יענער צייט אבער האבען זיי געהאט א גאנץ וויכטיגע בעדייטונג. דאס איז געווען א מין פראטעסט געגען דער פשרה־מאכעריי. אין דעם איז געלעגען א הייסער וואונש צו ערהאלטען די גאנצקייט און די ריינקייט פון דעם נאציאנאלען טיפ. און דערפאר זענען די אלע פאלקס־מנהגים און טראדיציאנען בע־טראכט געווארען פאר הייליג. עס איז מערקווירדיג, אז אין אלע צייטען, ווען דער קיום פון דער גאנצער אומה איז געווען אין געפאהר, האבען זיך שטענדיג די יודישע חכמים געזוכט צו בעשיצען דערמיט, וואס זיי האבען בעשאפען נייע גזרות און איינגעפיהרט נייע חומרות. אזוי, צום ביישפיעל, איז געווען דער פאל מיט די „חסידים", וואס ווען דער דרוק פון אויסען איז געווען שטארק, האבען זיי געפיהרט א קאמפף מיט די העללעניסטען, און אזוי איז אויך געווען דער פאל מיט שמאי און זיינע תלמידים, וועלכע זענען שטענדיג געווען די מחמירים, ווייל זיי האבען געגלויבט דורך דעם צו פערזיכערען דעם קיום האומה. ביי דיעזער געלעגענהייט איז כדאי צו בעמערקען, אז דאס איז געווען שמאי, דער גרויסער מחמיר שמאי, וועלכער האט ערלויבט צו פיהרען א מלחמה אום שבת, גראדע אין דעם פאל איז שמאי געווען א מקיל. (זעה: שבת, י"ט; התלמוד פון „תלמודי"; השלה, כרך ה').

דיעזער מאטיוו איז אויך געווען די אורזאכע, ווארום שמאי און זיינע תלמידים זענען געווען אזוי שטארק געגען גרים: זיי האבען פשוט געוואלט ערהאלטען די ריינקייט פון דער יודישער ראסע. עס איז אהן צווייפעל, אז דאס בעריהמטע ווערטעל „קשים גרים לישראל כספחת" — אז גרים זענען ווי א קרעץ אויפ'ן יודישען קערפער, שטאמט פון די שמאי'איטען. עס איז אויך מעגליך, אז מיט דיעזער שטעלונג זייערע בנוגע צו די גרים האבען זיי געוואלט אויסדריקען זייער האס און פער־אכטונג צו הורדוס'ן און זיין דינאסטיע.

לויט ווי דער תלמוד דערצעהלט האט צווישען די תלמידים פון שמאי און הלל געהערשט א פאלשטענדיגע פריינדשאפט (זעה יבמות, י"ג), אבוואהל זיי האבען אין פיעלע ענינים ניט מסכים געווען. דאך ווערט

דערצעהלט פון איין פאל, וואו די תלמידים פון שמאי זענען בעפאלען מיט זייערע שווערדען אויף די תלמידים פון הלל, און האבען זיי גע־צוואונגען אונטערצוגעבען זיך. געהאנדעלט האט עס זיך דאמאלס וועגען די בעריהמטע אכטצעהן גזרות. צווישען דיזע גזרות זענען געווען פילע, וועלכע זענען געווען גאנץ אלטע, ווי, צום ביישפיעל, די גזרה פון טומאה אויף חוץ־לארץ. ווען די צייטען זענען געווען רוהיגע, פלעגט קיינער אויף זיי ניט אכטונג געבען; ווען די צייטען אבער האבען אנגעפאנגען צו ווערען שווערער, האט מען זיי ווידער בעניימ (זעה גרעטץ).

די כונה פון דיזע אכטצעהן גזרות איז געווען, וואס מעהר צו דערווייטערען זיך פון די בענאכבארטע פעלקער, הויפטזעכליך פון די רוימער, מיט וועלכע הורדוס און זיינע יורשים זענען געווען גאנץ נאהענטע מחותנים. מען טאר ניט עסען זייער ברויט, טרינקען זייער וויין, גע־ברויכען זייער בוימעל, זיך מתחתן זיין מיט זיי. דאס איז געווען א מין פאליטישער פראטעסט. פאר די תלמידים פון שמאי זענען דיזע גזרות געווען אזוי וויכטיג, אז זיי האבען זיך ניט צוריקגעהאלטען פון צו געברויכען געוואלט געגען די תלמידים פון הלל. די שמאי'איטען האבען אין דיזע גזרות געזעהן א מיטעל פאר דעם קיום האומה און האבען דערפאר בעטראכט די הלל'איטען אלס פשוט'ע פעררעטהער, ווייל זיי האבען ניט געוואלט מסכים זיין אויף דעם. דיזע גזרות האבען מעהר געטראגען א נאציאנאל פאליטישען כאראקטער אלס א רעליגיעזען.

עס פערשטעהט זיך, אז די רעגירונג פון הורדוס און זיינע נאכפאלגער האבען ניט געקאנט קוקען גלייכגילטיג אויף אזא מין טהעטיגקייט, בפרט ווען א גרויסער טהייל פון בית שמאי האבען גענומען א שטארקען אקטיווען אנטייל אין אויפמונטערן דאס פאלק צו א רעוואלוציאן, ארא־צוווארפען פון זיך דעם שווערען יאך פון דעם פערהאסטען „אדומי" מיט די רוימער. טויזענדער און טויזענדער פון זיי זענען ערמארדעט געווארען מיט אלערליי מיתות משונות, אבער, ווי עס איז געוועהנליך דער פאל, אהן שום ערפאלג. פון די קברים פון די מארטירער זענען אויסגעוואקסען נייע קעמפפער. דאס זענען געווען די תלמידים פון שמאי, וועלכע זענען שפעטער געווארען די פיהרער פון די רעוואלוציאנערען, וואס זענען בע־קאנט אונטער דעם נאמען „ק נ א י ם" אדער צעלאטען. דאס זענען זיי געווען די פיהרער פון יענע וואונדערבארע העלדען, וועלכע האבען מיט אזוי פיעל אונבעשרייבליכען מוטה, מיט אזוי פיעל אונערהערטער גבורה, מיט אזוי פיעל מסירת נפש, געפיהרט אזוי לאנג און אזוי הארטנעקיג

יענע שוידערליכע, האָפנונגסלאָזע מלחמה געגען די אונצעהליגע לעגיאָנען פון די רוימער, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט דעם צווייטען חורבן.

„לויט זיין פרוכט דערקענסטו דעם בוים". יענע „קנאים", וועלכע האָבען ביז זייער לעצטען טראָפען בלוט געקעמפפט פאר דער אונאָבהענגיגקייט פון זייער פאָלק, זענען געווען די תלמידים פון שמאי.

יענער צווייפעלהאַפטער העלד דאַגעגען, וועלכער האָט זיך, לויט דער לעגענדע, אַרויסגעגנב'עט פון דער בעלאַגערטער שטאָדט, אום אויסצושתדל'ן ביים רוימישען גענעראַל די שטאָדט יבנה, וואו מען זאָל קאָנען לערנען און פערשפרייטען די תורה, איז ניט געווען קיין אַנדערער ווי רבן יוחנן בן זכאי, אַ תלמיד פון הלל הזקן.

די וויַטערע היסטאָרישע פאַסירונגען האָבען, אמת, אַרויסגעצייגט, אַז רבן יוחנן בן זכאי איז געווען גערעכט, אַז נאָך אַלעם דעם האָט דאָך זיין „קולטורעלער צענטער" אויסגעהיט דעם יודישען פאָלק פון גענצליכען אונטערגאַנג, אָבער כאַראַקטעריסטיש איז עס דאָך...

און וויַל הלל'ס תלמידים זענען געווען אַזעלכע גרויסע חכמים און האָבען גאַנץ קאַלטבלוטיג געקענט זעהן פאָראויס, אַז די מלחמה געגען די רוימער קען ניט האָבען קיין ערפאָלג, איז טאַקע דאַרום געבליבען, אַז זיי זענען גערעכט, אַז „הלכה כבית הלל" — דער דין בלייבט ווי בית הלל. די מעהרסטע שמאי'איטען זענען אומגעקומען אין דער גרויסער מלחמה.



א. ה. וויַס, אין זיין בעקאַנטען ספר „דור דור ודורשיו", רעכענט אויס דריי הונדערט און זעכצעהן מחלוקת צווישען די בית שמאי און די בית הלל. אַ גרויסער טייל פון די־זע מחלוקת זענען געווען וועגען ענינים פון טומאה וטהרה (פון ריין און אונריין), וואו די בית שמאי זענען כמעט אַלע מאָל די מחמירים, וויַל די הויפט-כונה פון די־זע אַלע געזעצע איז געווען, ווי עס איז שוין בעמערקט געוואָרען, וואָס מעהר אָבצוזונדערן דאָס יודישע פאָלק פון די אַרומיגע שכנים. דאַן קומט וועגען שבת און יום טוב, וואו זיי אונטערשיידען זיך אין צוויי און פופציג הלכות. אויך דאָ זענען די בית שמאי די מחמירים אין אַלע אויסער זעקס. וועגען ענינים פון אַגריקולטור (זרעים), פאַמיליען-לעבען (נשים), געלד-פראַגען (נזיקין) און קרבנות (קדשים) זענען שוין די מחלוקת וועניגער.

דערביי איז צו בעמערקען, אז די פעלע, וואו די שמאי׳איטען זענען די מקילים, זענען פראפארציאנעל שוין מעהר.

עס איז איצטער נאטירליך זונמעגליך אויסצוגעפינען דעם פרינציפיעלען גרונד פון יעדער מחלוקה בעזונדער. בדרך כלל איז אבער גילטיג די ערקלערונג, וועלכע איז שוין אויבען געזאגט געווארען, און וועלכע מיר וועלען דא בקיצור וויעדערהאלען:

די בית שמאי האבען פריהער פאר אלץ געזארגט וועגען דעם קיום פון דער אומה אויף איהר אייגענעם לאנד. נאך זייער מיינונג קען די תורה נאר דאן ריכטיג אבגעהיט ווערען, ווען די יודען וועלען קענען פיהרען זייער אייגענעם נאציאנאל-פאליטישען לעבען. זיי זענען געווען, ווי הערר תלמודי דריקט זיך אויס, „מדיניים״, זיי האבען געגלויבט אין אן אייגענע מדינה, נאר דאמאלס וועט זיך קענען ערהאלטען דער טיפ פון דער יודישער נאציאנאליטעט. דערפאר זענען זיי שטענדיג געווען די מחמירים אין אלע יענע ענינים, וואס האבען געהאט אלס אויפגאבע די אבזונדערונג פון דעם יודישען פאלק.

די בית הלל דאגעגען האבען געגלויבט, אז דאס יודישע פאלק קען אין ערגסטען פאל אויך אויסקומען אהן א לאנד — די תורה אליין איז גענוג. די ריינקייט פון דער ראסע איז ניט אזוי וויכטיג, גרים זענען ווילקאמען, און וואס מעהר גרים אלץ בעסער. מען דארף דארום זעהען צו מאכען די תורה מעהר צוגענגליך צו די אלע ארומיגע פעלקער; ניט אזוי דער בוכשטאב, ווי די אינערליכע כונה איז וויכטיג. די בית שמאי האבען געוואלט מאכען די תורה מעהר נאציאנאל; די בית הלל — מעהר אוניווערזאל.

---

## VI.

# ישוע הנוצרי אין תלמוד:

וועגען ישוע הנוצרי, דער אנגענומענער גרינדער פון דער קריסטליכער אמונה, געפינט זיך אין תלמוד פערהעלטניסמעסיג זעהר וועניג ידיעות, און די יעניגע, וואס זענען פאראן, האבען אויך א קנאפען היסטארישען ווערטה.

און ס'איז אויך גאר קיין גרויסער חדוש ניט. ישוע הנוצרי איז אין דיעזען הינזיכט ניט קיין אויסנאהמע. די היסטארישע ידיעות אין תלמוד זענען בכלל זעהר מאגערע, דערצו ניט איבריגענס פינקטליכע. דער תלמוד איז פריהער פאר אלץ א געזעצבוך, וואס בעשעפטיגט זיך דאס רוב נאר דאן, ווען א געשיכטליכער פאקט איז נויטיג צו בעגרינדען א געוויסע „הלכה", א געזעץ.

פון די אלע גרויסע נצחונות, צום ביישפיעל, וואס די השמונאים האבען געהאט אין דער בעפרייאונגס-מלחמה געגען די גריכען, ווייס דער תלמוד נאר צו דערצעהלען פון עפעס א לעגענדארע מעשה'לע וועגען א קריגעל בוים-אייל. ווען מיר וואלטען געדארפט לערנען יודישע געשיכטע נאר פון דעם תלמוד, וואלטען מיר היינט אפילו גאר ניט געוואוסט, אז עס האט ווען-עס-איז געלעבט א יהודה המכבי. די פאר מעשיות, וואס געפינען זיך אין תלמוד וועגען יוחנן הורקנס און קעניג ינאי בעוויזען נאר, אז די תלמודיסטען האבען זעהר וועניג געוואוסט וועגען זיי, און עס ווערען דארום דערצעהלט וועגען איינעם פאסירונגען, וואס האבען נאר געטראפען מיט'ן אנדערען.

דערביי דארף מען ניט פערגעסען, אז ישוע הנוצרי איז ביי זיי לעבען געווען א גאנץ אונבעדייטענדע פערזענליכקייט; ער האט געשפיעלט א קליינע ראלע און געהאט זעהר א קליינעם איינפלוס אויף דעם לעבען פון פאלק. אזעלכע אגיטאטארען און פרעדיגער, וואס האבען געזוכט צו פערבעסערען די אונערטרעגליכע לאגע פון פאלק, יעדער אויף זיין דרך, זענען אין יענע העכסט-אונרוהיגע צייטען געווען זעהר פיעל אין ארץ

ישראל. יהודה הגלילי און זיינע תלמידים, מנחם דער אסיי און זיינע תלמידים, די קנאים, יוחנן דער טויפער און זיינע אנהענגער, דאן ישוע הנוצרי, דיעזע אלע זענען געווען די פראדוקטען פון יענער איבערגאנגס־צייט. ווי אין אלע אזעלכע עפאכען, ווען די מענשהייט שטעהט אויפ'ן שיידוועגס־וועג, זענען אויסגעוואקסען אלערליי סעקטען און פארטייען, מאנכע פון וועלכע עס האבען געטראגען א ריין־פאליטישען כאראקטער, וועהרענד אנדערע, דאגעגען, זענען געווען ריין־עטהישע בעוועגונגען. דער יונגער ענטוזיאסטישער טרוימער פון דעם פערווארפענעם שטעדטעלע נצרת האט א פנים ניט געצויגען אויף זיך זעהר שטארק די אויפמערקזאמקייט פון זיינע צייט־גענאססען, און דאס איז די אורזאכע ווארום עס ווערט אזוי ווייניג גערעדט וועגען איהם אין די עלטערע קוועלען.

דאס קריסטענטהום האט זיך גענומען פערשפרייטען און איז געווארען א געוואלדיגע מאכט שוין לאנג נאכ'ן טוידט פון דעם גרינדער, ווען זיינע תלמידים, דורך דעם איינפלוס פון דעם הייליגען פאול (שאול פון תרשיש), האבען זיך גענומען צו פערשפרייטען די „בשורה", דעם עוואנגעליום, צווישען די ארומיגע פעלקער געגען דער אורשפרינגליכער כונה פון ישוע הנוצרי גופא, וועלכער האט געהאלטען אין איין טענה'ן, אז ער איז געשיקט געווארען נאר צו די קינדער (מיינענדיג די יודען). זיינע תלמידים האבען צונויפגעקליבען די אלע ידיעות וואס זיי האבען געקענט קריגען פון דעם לעבען און טהעטיגקייט פון זייער רבי'ן, האבען עס בעפוצט מיט אלערליי נסים און נפלאות, און עס זענען דערפון ארויסגעקומען די אלע ערצעהלונגען, וואס געפינען זיך אין דעם עוואנגעליום. טייל פון דיעזע מעשיות זענען אויך בעוואוסט געווען צו די יודען, וועלכע האבען זיי בעפוצט אויף זייער אייגענעם דרך, ערקלערענדיג די אלע נסים און וואונדער דורך כשוף און דעם רוח הטומאה.

די אלע מעשיות, וואס געפינען זיך אין תלמוד וועגען ישוע הנוצרי, זענען, ווי עס איז אויך דער פאל מיט די ערצעהלונגען אין דעם עוואנגעליום, געשריבען געווארען ניט פון זיינע צייט־גענאססען, זאנדערן פיעל שפעטער; די תלמודישע מעשיות — אזוי שפעט ווי אין דריטען און אין פירטען יאהרהונדערט. די הויפט־כונה פון דיעזע אלע מעשיות איז געווען א פאלעמישע, צו בעקעמפפען די יודישע קריסטען. עס פערשטעהט זיך, אז מען קען זיך זעהר ווייניג פערלאזען אויף דיעזע מעשיות, אום זיי צו געברויכען אלס געשיכטליכען מאטעריאל, פונקט אזוי ווי מען קען זיך ניט פערלאזען אויף די צו פריינדליכע ערצעהלונגען פון דעם נייעם טעסטאמענט.

די מעשה וועגען ישוע הנוצרי׳ס געבורט איז א שפּעטערע ערפינדונג. די, דיעזע ערצעהלונג, איז ענטשטאנען ערשט דאמאלס, ווען די קריס־טען האבען אנגעפאנגען צו בעהויפּטען, אז ישוע הנוצרי איז געבארען געווארען דורכ׳ן רוח הקדש. געגען דיעזע פערגעטערונג איז ארויסגע־טרעטען די יודישע לעגענדע וועגען זיין ניט כשר׳ער געבורט. אין תלמוד גופא געפינען זיך יעדענפאלס זעהר וועניג אנדייטונגען וועגען דעם. עס איז דא כדאי צו בעמערקען, אז די ערשטע קריסטען, הויפּטזעכליך די יודי־שע קריסטען, האבען גאר קיינמאל ניט געגלויבט אין דער געטליכער אבשטאמונג פון ישוע הנוצרי; זיי האבען איהם נאר בעטראכט אלס דעם משיח, אלס דעם לאנג־ערווארטעטען ערלעזער. דאס זענען געווען די היידנישע קריסטען, וועלכע האבען איהם גענומען בעטראכטען אלס גאט׳ס זוהן.

די ערשטע יודישע קריסטען האבען זיך איבערהויפּט זעהר וועניג אונטערשיידעט פון די עכטע יודען. זיי האבען אבגעהיט אלע מצוות כמעט אזוי פינקטליך ווי די פרושים גופא, אין מאנכע הינזיכטען זענען זיי נאך געווען פרימער, האלטענדיג זיך אן די מנהגים פון די איסיים (עססיאנער), מיט וועלכע זיי האבען געהאט אנ׳ענגע פערוואנדשאפט. ישוע הנוצרי אליין האט געלערנט, אז ער איז ניט געקומען אומענדערן די תורה, זאנדערן איהר פערשטארקערן. ער הייסט זיינע אנהענגער זיין פרימער ווי דאס זענען די פרושים (זעה: מתי׳, ה׳, כ״א, כ״ב).

א לאנגע צייט זענען פארגעקומען גרויסע מחלוקת צווישען די יודי־שע קריסטען און זייערע היידנישע ברידער. די ערשטע האבען זיך גע׳מל׳ט און ניט געגעסען קיין טרפות, וועהרענד די לעצטע, אונטער דער פיהרער־שאפט פון דעם געוועזענעם פרוש, דער הייליגער פאול, האבען מבטל געווען אלע מצוות. וועגען דיעזע קריגערייען קען מען געפינען גענינגענדע שפּורען אין די שריפטען פון דעם נייעם טעסטאמענט גופא, ווי צום ביישפיעל אין די „מפעלות השליחים״, קאפּיטעל י״א.

ישוע הנוצרי׳ס ברודער, דער הייליגער יעקב, האט געלעבט צווישען יודען און איז געווען זעהר פרום. לויט יאזעפוס האבען די פרושים זעהר שטארק פּראטעסטירט, ווען ער איז פער׳משפּט געווארען צום טויט דורך א צדוקי׳שען כהן גדול. קורץ, אין די ערשטע צייטען האבען די יודען און די יודען־קריסטען געלעבט צווישען זיך מעהר אדער וועניגער פריינדליך.

שפּעטער, ווען דער היידנישער עלעמענט האט געזיעגט און דאס

קריסטענטהום האט זיך אינגאנצען אבגעריסען פון דעם יודענטהום; ווען די יודישע קריסטען האבען אינגאנצען פערווארפען די יודישע תורה און די יודישע נאציאנאליטעט, זיך דורכמישענדיג מיט די פרעמדע, ערשט דאמאלס האט זיך די שנאה געטומען פערשטארקען, און איז געווארען נאך פיעל שטארקער, ווען די קריסטען האבען אנגעפאנגען זאגאר צו פערפאלגען זייערע אמאליגע ברידער — די יודען.

די האלטונג פון דעם תלמוד צו ישוע הנוצרי גופא איז נאטירליך ניט קיין צו פריינדליכע, אבער אויך ניט אזא פיינדליכע ווי מען האט געקענט ערווארטען. אין די עלטערע לעגענדען געפינט מען זאגאר א מעהר אדער ווייניגער פריינדליכע שטימונג צום גרינדער פון קריסטענטהום.

אין גיטין*) (נ"ז) ווערט דערצעהלט, אז איינער האט דורך דער הילף פון כשוף ארויסגערופען בלעם'ן פון קבר און איהם געפרעגט, ווער זענען אויף יענער וועלט די יחסנים, און צי עס לוינט זיך מגייר צו זיין. בלעם האט געענטפערט, אז די יודען זענען דארטען די יחסנים, אבער דאך ראטה ער גענען אירגענד וועלכע פריינדליכע פערבינדונגען מיט די יודען. דאן האט דערזעלבער ארויסגערופען ישוע הנוצרי'ן און האט איהם אויך געשטעלט די זעלבע פראגען. אויף וואס ער האט געענטפערט: „די יודען זענען די יחסנים; זוך זיי צו טהון גוטס און היט זיך פון צו טהון זיי שלעכטס, ווייל ווער עס פערטשעפעט זיי שפיעלט זיך מיט פייער". דער תלמוד ענדיגט די מעשה מיט דעם אויסרוף: תא חזי מה בין פושעי ישראל לנביאי אומות העולם! — זעה דעם הילוק צווישען א זינדיגען יודען און א נביא פון די אומות העולם. ישוע הנוצרי ווערט דא בעטראכט אלס א יוד (אמת, אלס א זינדיגער יוד, וועלכער האט זיך זיין שטראף), וואס האט ליעב זיין פאלק.

אין יומא (ס"ו) געפינט זיך זאגאר א פראגע, וואס מען האט געשטעלט ר' אליעזר הגדול: „פלוני מהו לעולם הבא? — „יענער", צי האט ער עולם הבא? (עס איז די מיינונג פון די נייעסטע פארשער, אז מיט דיעזען „פלוני" ווערט געמיינט ישוע הנוצרי — העתיד, כרך א', ישוע הנוצרי). ר' אליעזר דרעהט זיך דארטען ארום און גיט ניט קיין דירעקטען ענטפער, אבער דער פאקט, אז אזא פראגע איז גאר פארגעקומען, איז אויך גענוג. אין יענע צייטען איז „עולם הבא" געווען א גאנץ וויכטיגער ארטיקעל,

*) די אלע ציטאטען, וואס וועלען דא געבראכט ווערען פון תלמוד זענען אם מייסטען גענומען פון די „השמטות הש"ס" — א קליין ספר'ל, וואו עס געפינען זיך די אלע תלמוד'ישע מאמרים, וועלכע די צענזארען האבען ארויסגעווארפען

מיט וועלכען מען האט זיך גאר ניט אזוי ארומגעווארפען. ישוע הנוצרי אליין איז אין דיעזער הינזיכט געווען גאר א גרויסער קמצן, א שטארקער ניט-פערגינער, און ער האט פערשפראכען עולם הבא נאר צו די, וואס גלויבען אין איהם.

די אלע ידיעות, וואס געפינען זיך אין תלמוד וועגען ישוע הנוצריים פערזענליכקייט, וועגען זיין געבורט, זיין לעבען און זיין טויט, זענען זעהר דונקעל. פון מאנכע שטעלען איז ארויסצוזעהן, אז די תלמודיסטען האבען צוזאמענגעמישט צוויי פערזאנען און געמאכט דערפון איינעם: זייער ישוע הנוצרי איז א מין צוזאמענגעשטעלטע פערזענליכקייט, וואס דאס איז, בדרך אגב, אויך אנצומערקען אין עוואנגעליום.

אין תלמוד ווערט דערמאנט דער נאמען ישוע הנוצרי אדער יש״ו, וועלכער הייסט אויך „בר פנדירא״ אדער „פנטירא״; דערצו איז אויך דערמאנט א געוויסער „בר סטדא״, וועלכען די שפעטערע אמוראים האבען אויך אנגענומען פאר ישוע הנוצרי, פערטייטשענדיג עס „בר סטת-דא״, דער זוהן פון דער זינדערין (סנהדרין, ס״ז).

דא שיינט צו זיין א טעות. דיעזער בר סטדא איז אין דער אמת'ן גאר א גאנץ אנדערע פערזאן. דאס איז העכסט וואהרשיינליך געווען יענער נביא, וועלכער האט נביאות געזאגט, אז די מויערען פון ירושלים וועלען איינפאלען. ער איז געקומען פון עגיפטען און האט געהאט מיט זיך א מחנה פון פיער טויזענד אנהענגער. הורדוס פיליפוס האט זיין גאנצע מחנה צושלאגען. עס איז מעגליך, אז יענעם האט מען נאכדעם געהאפט און איהם פערשטיינערט אין לוד, ווי דער תלמוד דערצעהלט דארטען (סנהדרין, ס״ז). ישוע הנוצרי איז גאר געקרייציגט געווארען (ניט פערשטיינערט) ניט וויט פון ירושלים (און ניט אין לוד).

אויך אין די שריפטען פון דעם נייעם טעסטאמענט ווערט דיעזער נביא פון עגיפטען דערמאנט. זיין נאמען איז תאודה (מפעלות השליחים, ה' ל״א). אין אנאנדער פלאץ (מפעלות השליחים כ״א ל״ה) ווערט דער הייליגער פאול בעשולדיגט פון א גריכישען קאפיטאן, אז ער איז עס יענער עגיפטער, „וועלכער האט זיך ניט לאנג צוריק ארומגעפיהרט מיט פיער טויזענד רוצחים אין דער מדבר״. די יודישע לעגענדע, און טהיילוויז אויך די קריסטליכע, האבען דאס אנטלויפען און צוריקקעהרען פון דעם „תאודה״ אדער „בר סטדא״ פון עגיפטען צונויפגעמישט מיט דער פערזאן פון ישוע הנוצרי, וועלכער זאל אויך האבען געזוען אנטלאפען אין עגיפטען.

איין מעשה אין תלמוד (סוטה מ"ז) פאנגט זיך אן מיט פאלגענדען מוסר: „שטענדיג זאלסטו אבשטויסען מיט דער לינקער האנד און מקרב זיין מיט דער רעכטער. ניט ווי אלישע, וואס האט פערשטויסען פון זיך גחזי'ן מיט ביידע הענד, און ניט ווי יהושע בן פרחיה, וואס האט פערשטויסען פון זיך ישוע הנוצרי'ן מיט ביידע הענד". „ווען דער קעניג ינאי", הויבט זיך אן די מעשה, „האט ערמארדעט די תלמידי חכמים, זענען יהושע בן פרחיה און ישוע הנוצרי, זיין תלמיד, אנטלאפען אין עגיפטען, אין אלכסנדריא. ווען עס איז געווארען שלום, האט שמעון בן שטח געשריבען א בריעף: פון מיר, ירושלם, די הייליגע שטאדט, צו דיר אלכסנדריא מיין שוועסטער. מיין מאן געפינט זיך ביי דיר און איך בין א וויסטע עגונה. אויפ'ן וועג צוריק זענען זיי אריין אין אנ'אכסניא, וואו מען האט זיי זעהר פיין אויפגענומען. יהושע בן פרחיה האט געלויבט די אכסניא; ישוע הנוצרי'ן איז מעהר געפעלען געווארען די בעל-הבית'טע, און ער האט געזאגט: „רבי, זי האט שענע אויגען". יהושע בן פרחיה איז בייז געווארען, און האט אויסגעשריען: רשע, דערמיט בעשעפטיגסט דו זיך?! און ער האט איהם ארייננגלעגט אין חרם. עטליכע מאל איז ישוע הנוצרי געקומען און געוואלט תשובה טהון, אבער יהושע בן פרחיה האט איהם ניט עמפפאנגען. איינמאל איז ישוע הנוצרי געקומען, ווען זיין רבי האט געהאלטען אין דאווענען. ער האט א מאך געטהון מיט'ן האנד, ער זאל ווארטען. ישוע הנוצרי האט אבער געמיינט, אז ער שטויסט איהם ווידער אב פון זיך, איז ארויס, אויפגעשטעלט א ציגעל און דערצו געדיענט".

די גאנצע ערצעהלונג האט ניט קיין ברעקעל היסטארישען ווערטה. אינטערעסאנט איז דא נאר דער פאקט, וואס ישוע הנוצרי ווערט בעטראכט אלס א תלמיד פון יהושע בן פרחיה, וועלכער האט געלעבט א גענויען יאהר-הונדערט פאר דער אנגענומענער צייט-רעכנונג. אנטלאפען אין עגיפטען איז ער ניט צוליעב הורדוס'ן, וועלכער האט איהם געוואלט טויטען אלס דעם צוקינפטיגען משיח, ווי דאס דערצעהלט דער עוואנגעליום, זאנדערן צוליעב קעניג ינאי, וועלכער האט געוואלט ערמארדען אלע פרושים, און צווישען זיי אויך יהושע בן פרחיה מיט זיין תלמיד ישוע הנוצרי.

אין א צווייטע שטעלע אין תלמוד (סנהדרין מ"ג), וואו עס ווערט דערצעהלט וועגען ישוע הנוצרי'ס טוידט, ווערט אויך דערמאנט, אז ער איז געווען א קרוב למלכות, אנ'אנגעזעהענע פערזאן אין די רעגיערונגס-קרייזען. עס איז קלאר, אז דאס האט ניט געקענט געזאגט ווערען וועגען דעם היסטארישען ישוע הנוצרי, וועלכער איז, פערקעהרט, געווארען

פערפאלגט פון דער רעגיערונג.

וועגען זיין טויט גופא ווערט אין מאנכע פלעצער בעהויפטעט, אז מען האט איהם פערשטיינט (א ריין יודישע מיתה), וועהרענד אין אנדערע, אז מען האט איהם געהאנגען אדער געקרייציגט (שוין ניט קיין יודישע מיתה).

ווי מען זעהט דערפון ארויס, איז דער גאנצער ענין שטארק פערפלאנטערט און ניט קלאר. איין זאך איז אבער זיכער: די צייט-גענאסען פון ישוע הנוצרי האבען וועגען איהם ניט איבערגעלאזען קיינע ידיעות, די שפעטערע תלמודיסטען, וואס האבען וועגען איהם שוין יא געשריבען, האבען אבער אליין ניט געוואוסט אויף ריכטיג, און האבען, ווי עס ווייזט אויס, צוזאמענגעמישט אי פערשיעדענע צייטען אי פערשיעדענע פערזאנען.

* *
*

געגען די עטהישע לעהרען פון ישוע הנוצרי האבען די תלמודיסטען גאר ניט געקענט אנווענדען שוין דערפאר אליין, וואס כמעט אלע מאראלע לעהרען און משלים, וואס געפינען זיך אין עוואנגעליום, הויפטזעכליך אין דער בעריהמטער „דרשה אויפ'ן בארג”, געפינען זיך אויך צווארפען און צושפרייט אין פערשיעדענע פלעצער פון דעם תלמוד ניט נאר לויט דעם אינהאלט נאך, נאר גאנץ אפט מיט די זעלביגע אויסדריקע און די זעלביגע משלים. דערמיט ווערט ניט געמיינט צו זאגען, אז די תלמודיסטען האבען גענומען פון עוואנגעליום, אדער פערקעהרט. דאס זענען גיכער געווען אלגעמיין בעקאנטע און אלגעמיין אנגענומענע לעהרען און שפריכווערטער. דער בעל-דרשן אויפ'ן בארג האט זיי געברויכט אין זיינע דרשות, פונקט ווי עס האבען געטהון די תלמודישע דרשנים.

דא איז ניט דער פלאץ זיך צו פערברייטען וועגען דיעזען ענין און צו ברענגען די אלע פאראלעלע לעהרען וואס געפינען זיך אין תלמוד און געפינען זיך אויך אין עוואנגעליום. וועמען דאס אינטערעסירט, קען עס געפינען אין „דור דור ודורשיו” (קאפיטעל כ"ד אין די אנמערקונגען). דאך וועל איך דא ברענגען איינינע ביישפיעלע, טהייל פון וועלכע ווערען אין דעם אויבענדערמאנטען ספר ניט געבראכט.

ישוע הנוצרי זאגט (מתי, ו' כ"ו): „קוקט אויף די פויגעל פון הימעל; זיי זייען ניט, און שניידען ניט, און קלייבען ניט אין שפייכלערס, און

אייער פאָטער אין הימעל שפּייזט זיי, איהר זייט דאָך טייערער פון זיי".

ר' שמעון בן אליעזר זאָגט (קידושין פ"ג): „צי האָסטו ווען געזעהן אַ חיה אָדער פויגעל, וואָס איז אַ בעל מלאכה, און דאָך ווערען זיי געשפּייזט אָהן צער; זיי זענען דאָך נאָר בעשאַפען געוואָרען מיך צו בעדינען; איך, וואָס בין בעשאַפען געוואָרען צו דינען מיין שעפּפער, דאַרף אודאי געשפּייזט ווערען אָהן צער".

ישוע הנוצרי זאָגט (מתי, ו' י"ט, כ'): „זאַמעלט ניט קיינע אוצרות אויף דער וועלט, וואו דער היישעריק קען עס פערדאַרבען, און פון וואַנען גנבים קענען עס אַוועק־גנב'ענען. זאַמעלט אייערע אוצרות אין הימעל, וואו ניט דער היישעריק און ניט די גנבים קענען גרייכען."

דער תלמוד דערצעהלט (בבא בתרא, י"א): „עס האָט פּאַסירט, אַז דער קעניג מונבז האָט אין הונגער יאָהרען אויסגעבראַכט אַלע זיינע אוצרות און די אוצרות פון זיינע עלטערן פאַר די הונגעריגע. די פאַמיליע זיינע האָט איהם גענומען מאַכען פאָרווירפע, און ער האָט געענטפערט: מיינע עלטערן האָבען בעהאַלטען אונטען, איך האָב בעהאַלטען אויבען... מיינע עלטערן האָבען בעהאַלטען, וואו אַ מענשליכע האַנד קען גרייכען; איך— וואו קיין מענשליכע האַנד קען ניט גרייכען... זיי האָבען בעהאַלטען אַ זאַך, וואָס ברענגט קיין פרוכט ניט; איך — אַ זאַך וואָס ברענגט פרוכט... זיי האָבען בעהאַלטען פאַר אַנדערע; איך — פאַר זיך.."

ישוע הנוצרי לערנט (מתי, ז'): „פערארטיילט ניט, כדי מען זאָל אייך ניט פערארטיילען; ווי איהר משפּט אַנדערע, אַזוי וועט מען אייך משפּט'ן."

דאָס זעלבע געפינט זיך אין תלמוד מעהרערע מאָל „במדה שאדם מודד מודדין לו" — ווי אַ מענש משפּט אַנדערע, אַזוי משפּט מען איהם אויך".

דער אויסדרוק „וואָרום זעהסט דו דעם שפּענדעל אין דיין ברודער'ס אויג און זעהסט ניט דעם באַלקען אין דיינע אייגענע אויגען" (מתי, ז'), געפינט זיך אויך אין תלמוד אַ פּאָר מאָל: „אומר לו טול קיסם מבין עיניך; אומר לו טול קורה מבין עיניך" (בבא בתרא, ט"ו) — ער זאָגט איהם, נעהם אַרויס דעם שפּענדעל פון דיינע אויגען; ענטפערט ער איהם: נעהם אַרויס דעם באַלקען פון דיינע אויגען; אין תלמוד געפינט זיך נאָך אַן ענליכער אויסדרוק: „קשוט עצמך ואח״כ תקשוט אחרים" — פּוץ זיך און נאָכהער וועסטו פּוצען אַנדערע.

די לעהרע, אַז מען דאַרף ניט ענטפערן אויף בעליידיגונגען, געפינט זיך אויך אין תלמוד: „הנעלבים ואינם עולבים שומעים חרפתם ואינם

משיבים" און אַזוי הייסט — די, וואָס ווערן בעליידיגט און בעליידיגן ניט, הערן ווי מען זידלט זיי און ענטפערן ניט — זיי וועלן שיינען זיבן מאָל ווי די זון.

ישוע הנוצרי לערנט: „און ווער עס רופט דעם אַנדערן „נבל" (געמיינער), וועט אַריינפאַלן אין פייער פון גיהנום".

דער תלמוד לערנט (בבא מציעא, נ"ח): ווער עס רופט זיין חבר אַ שלעכטן נאָמען, קומט פון גיהנום ניט אַרויס. אין דעם ענין פון שעמען און באַליידיגן דעם צווייטן איז דער תלמוד זאָגאַר נאָך שטרענגער ווי ישוע הנוצרי (בבא מציעא, נ"ה, נ"ט).

דער קאַמף געגן ישוע הנוצרי און די מינים האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען דאַן, ווען דער היידנישער עלעמענט האָט געקראָגן די אויבערהאַנד, דורך דער טעטיגקייט פון הייליגן פּאַול, וועלכער האָט פאַרוואָרפן אַלע פּראַקטישע מצוות, און אויף אַזאַ אופן זיך אינגאַנצן אָבגעריסן פון יודישקייט. אין דער זעלבער צייט איז אויך ענטשטאַנען דער גלויבן אין די געטליכקייט פון ישוע הנוצרי'ס פערזאָן (אַ ריין היידנישע פאָרשטעלונג). די תלמודיסטן האָבן אין דעם, און מיט רעכט, געזעהן אַ סכנה פאַר דער יודישער אמונה. זיי האָבן אָנגעפאַנגען פיהרן אַ קאַמף געגן דיזע צוויי פונקטן דורך דעם, וואָס זיי האָבן איינגעפיהרט נייע תקנות און גזרות, וועלכע האָבן בעצוועקט צו דערווייטערן דעם עולם פון די מינים און זייערע לעהרען.

עס איז פערבאָטן געוואָרן צו האָבן אירגענד וועלכע מגע ומשא מיט די יודישע קריסטען, זיך מיט זיי מתחתן צו זיין, צו עסן פון זייער שחיטה, צו געברויכן זייער ברויט, וויין און בוים-אייל. אַ ספר תורה, וועלכע איז געשריבן פון אַ מין, דאַרף פערברענט ווערן, טהיילווייזע דערפאַר וואָס מען האָט זיי חושד געווען אין פעלשונגען.

עס זענען איינגעפיהרט געוואָרן פיעל מנהגים; מאַנכע פון די אַלטע זענען פערוואָרפן געוואָרן, כּדי די מינים זאָלען ניט האָבן קיינע ראיות אויף זייערע מיינונגען.

יעדע ניי׳גונג אָדער אָנדייטונג אויף „שתי רשיות" (דאָפּעלטע געטליכקייט) איז זעהר שטאַרק פערפאָלגט געוואָרן. פון דעם קאַמף צווישן דעם יודישען מאָנאָטהעאיזם און דעם היידנישען פּאָליטהעאיזם, האָט זיך ביי די ערשטע יודישע קריסטען ענטוויקעלט דער גנאָסטיציזם, וועלכער איז אין פיעל הינזיכטען עהנליך צו דער טעאָרעטישער קבלה. אויף אַזאַ אופן האָט מען געזוכט צו ערקלערען די דריי-איינינקייט און די

געטליכקייט פון ישוע הנוצרי'ס פערזאן. דיזע ריכטונג אין דער פילא-זאפיע, וועלכע האט געהאט א הר יניקה נאך פון דער אלעקסאנדרישער שולע, איז זעהר שטארק בעקעמפפט געווארען. דער האס געגען „הכמת יונית" האט פון דאס ניי אבגעלעבט.

די משנה אין ברכות ל"ג, וועלכע לויטעט: „ווער עס זאגט (ביי דער תפלה) „אויף דעם נעסט פון א פויגעל האסטו רחמנות געהאט", אדער „און צו גוטען זאל דערמאנט ווערען דיין נאמען", אדער „מיר דאנקען, מיר דאנקען — מאכט מען איהם שטיל". — דיזע משנה איז גערירכטעט געגען די מינים, וועלכע האבען בעהויפטעט, אז גאט'ס מדות זענען נאר גוטסקייט און ליבע, און האבען דערפאר ניט געהאלטען פון די איבריגע פראקטישע מצוות. די תלמודיסטען, דאגעגען, וועלכע האבען געהאלטען אז אלע מצוות זענען וויכטיג, האבען בעהויפטעט, אז גאט'ס מדות זענען אונערקלערבאר און די אלע פערבאטען זענען גזרות. זאגען ווידער צוויי מאל „מיר דאנקען, מיר דאנקען" (מודים, מודים), האט ארויסגערופען א חשד אויף דעם זאגער, אז ער גלויבט אין א דאפעלטע געטליכקייט.

צוליעב די מינים האט מען אויך איינגעפיהרט, אז גלייך נאכדעם ווי מען זאגט „שמע ישראל ה' אלהינו ה' אחד" (גאט איז איינער), זאל מען אויך זאגען „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" — געלויבט איז זיין נאמען אויף אייביג, ד. ה., ער האט ניט געהאט, האט ניט און וועט ניט האבען נאך איינעם צו זיך.

פארצייטען פלעגט מען צוזאמען מיט דער קריאת שמע אויך זאגען די „עשרת הדברות", אבער מען האט עס אויפגעהערט „מפני תרעומות המינים" (ברכות, י"ב), כדי די מינים זאלען דערפון ניט נעהמען קיין ראיה צו זייער בעהויפטונג, אז דיזע צעהן פערבאטען זענען דער עיקר.

דא בלייבט נאר אנצומערקען, אז דיזער קאמפף איז געריכטעט געווען נאר געגען די ערשטע יודישע קריסטען, וועלכע האבען זיך מעהר אדער ווייניגער בעטראכט אלס יודען און געלעבט צווישען יודען. מיט די היידנישע קריסטען זענען די יודען דאמאלס סיי ווי סיי ניט געקומען אין קיינע בעציהונגען, און האבען אין זיי ניט געזעהן קיין שום ספעציעלע געפאהר צו דער עקזיסטענץ פון זייער אייגענער אמונה.

---

# VII.

# יבנה.

דער בית המקדש איז חרוב געװארען. דער שונא האט אריינגעשטאכען דעם שװערד אין סאמע הארצען פון דעם יודישען פאלק.

שוין לאנג, לאנג װי „ארץ ישראל" האט אויפגעהערט צו זיין אנ־ארץ ישראל, א יודישעס לאנד, און איז נאר געװארען אנ'אונבעדייטענדע רוימישע פראװינץ. אבער כל זמן דער בית המקדש איז געשטאנען האט זיך דאס יודישע פאלק נאך אלץ געפיהלט ביי זיך אין דער היים, האט נאך אלץ געהאפט און געגלויבט, אז זיי װעלען קומען, זיי מוזען קומען, די בעסערע צייטען, װארום גאט װעט דאך ניט צושטערען זיין אייגען הויז און פערטרייבען זיינע קינדער פון זייער לאנד. די האנד פון דעם שכור'ן רוימישען סאלדאט, װעלכע האט אונטערגעצונדען דעם גרויסען, פרעכטיגען טעמפעל, װאס איז געװען דער שטאלץ פון דעם פאלק, דיזע האנד האט אויך אנגעמאכט א חורבן אין דער נשמה פון פאלק. די קרייגענער זענען געװארען מוטהלאז און פערצווייפעלט, דער שיקזאל פון יודישען פאלק איז פער'חתמ'עט געװארען.

שוין לאנג, לאנג װי די קינדער פון יודישען פאלק זענען געװען אין גלות ביי זייערע שכנים־פעלקער — דאס לאנד „יהודה" איז געװען צו קליין, צו פעראראמט, צו אונטערדריקט, אז עס זאל קענען ערנעהרען אלע זיינע קינדער. די יודען האבען שוין דאמאלס געהאלטען דעם װאנדער־שטעקען אין זייערע הענד און אין מאסען עמיגרירט אין סיריען, עגיפטען, רוים, גריכענלאנד און אין אנדערע פרעמדע און װייטע לענדער. אבער כל זמן דער בית המקדש איז געשטאנען אין ירושלים, האט ער די אלע פערװאנדערטע און פערשטויסענע געהאלטען צוזאמען, זיי פעראייניגט, זיי געמאכט פיהלען זיך װי איין גאנצעס, גרויסעס פאלק. אין זייערע גלות־לענדער האבען זיי געלעבט מיט זייער לאנד, מיט זייער הייליגער שטאדט, מיט דעם בית המקדש, דער צענטער, דער אידעאלער צענטער פון זייער נאציאנאלער קולטור. זייערע הערצער האבען געקלאפט צוזאמען מיט

דעם הארצען פון דעם גאנצען פאלק. מיט דעם חורבן פון דעם בית המקדש איז אבער הרוב געווארען דער סימבאל פון דער גאנצקייט און איינינקייט פון דעם פאלק.

דאס איז געווען א געפעהרליכע צייט פאר דעם יודישען פאלק, דער גאנצער קיום פון פאלק איז געשטאנען אין געפאהר. די סכנה איז ניט געווען אזוי פיעל דערפאר, וואס הונדערטער-טויזענדער פון די יודישע קינדער זענען ערמארדעט געווארען און געפאלען אין דער גרויסער רעוואלוציאן געגען די רוימער, וואס צעהנדליגע טויזענדע פון זיי זענען פערקויפט געווארען אלס שקלאפען און אין די שאנדהייזער, וואס הונדערטע פון די בעסטע און עדעלסטע יודישע יונגע לייט זענען געצוואונגען געווארען צו קעמפפען אויף דער ארענא מיט אויסגעהונגערטע, ווילדע לייבען, כדי צו פערשאפען פערגניגען זייערע פייניגער. ניט אין דעם איז געלעגען די געפאהר: א גאנצעס פאלק קען ניט אויף אזא אופן ווערען פערניכטעט. דיעזע אלע גרויזאמקייטען זענען געווען אונפערמיידליך אין יענע בארבארישע צייטען, זיי זענען געווען א טהייל פון א מלחמה. אויף אזא ברוטאל-ווילדען ארט זענען דאמאלס אלע מלחמות געפיהרט געווארען. די רוימער האבען זייערע אנדערע בעזיעגטע פעלקער, זייערע אנדערע קריעגס-געפאנגענע, ניט פיעל בעסער בעהאנדעלט אלס די יודישע. מען קאן אפילו זאגען, אז די רוימער האבען געוויסערמאסען ארויסגעצייגט א מין גרויסמוטה צו די יודען, א טהייל פון וועלכע זיי האבען ערלויבט צו בלייבען אויף זייער לאנד. מיט פופציג יאהר שפעטער איז די יודען זאגאר געגעבען די ערלויבניש צו בויען פון דאס ניי דעם בית המקדש (זעה גרעטץ). די פערפאלגונגען געגען די יודען זענען פערשטארקט געווארען און אנגענומען א זעהר שארפען כאראקטער ערשט נאך דער צווייטער ערפאלגלאזער רעוואלוציאן, וועלכע איז אנגעפיהרט געווארען פון דעם העלדישען בר־כוכבא.

ווי געזאגט, ניט אין דעם איז געלעגען די געפאהר. די סכנה איז פיעל מעהר בעשטאנען דארין, וואס די יודען האבען פערלארען דעם צענטר, ארום וועלכען זיי זאלען זיך קאנען גרופירען און פיהרען זייער איינענעם, זעלבסטשטענדיגען לעבען, לויט זייער אייגענער קולטור.

אין יענער עת צרה איז געקומען צו הילף רבי יוחנן בן זכאי מיט זיין ישיבה אין יבנה. זייענדיג איינער פון די, וועלכע האבען ניט געגלויבט אין די מעגליכקייט פון אן ערפאלגרייכער רעוואלוציאן געגען די רוימער, האט ער זיך בעצייטענס ארויסגעקליבען פון ירושלים און זיך

בעזעצט מיט איניגע פון זיינע תלמידים אין יבנה, אַ קליינע שטעדטעל ביים ברעג פון מיטטעללענדישען ים. ניט גלויבענדיג אין דער מעגליכקייט פון אַ זעלבסטשטענדיגען פּאָליטישען לעבען פאר דעם יודישען פאָלק אין דער נאָהענטער צוקונפט, האט ער זיך גענומען צו פערשפּרייטען און פערפעסטיגען די תורה, אַזוי ווי די פרושים האבען איהר פערשטאַנען.

רבי יוחנן בן זכאי האט איינענטליך ניט געשאַפען קיין נייעס, ער האט ניט אַרויסגעבראַכט קיין נייע אידעאַלען, וועלכע זאָלען בעגייסטערען און בעלעבען דעם פאָלק. ער האט נאר געזוכט צו פערשטאַרקען און פערגרעסערען יענעם גרויסאַרטיגען גייסטיגען בנין, דעם פונדאַמענט, פון וועלכען עס האבען געלעגט מיט יאָהרהונדערטע צוריק די „אנשי כנסת הגדולה". ער האט איינגעזעהן, אַז נאָכדעם ווי דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען איז געבליבען נאר איין־איינציגער צענטער, איין איינציגער מיטעל־פונקט, וואס קאָן האַלטען אַלע יודען צוזאַמען, און דאָס איז די תורה, די „תורה שבעל פה", די איינענאַרטיגע יודישע קולטור.

און ער האט אין דעם קיין טעות געמאַכט. יבנה איז באַלד געוואָרען דער נייער צענטער, אַרום וועלכען עס האט זיך איינגעאָרדענט דאָס לעבען פון דעם יודישען פאָלק.

אום צו דערהויבען דעם אָנזעהן פון יבנה אין די אויגען פון דעם פאָלק, האט רבן יוחנן בן זכאי בעהויפּטעט, אַז יבנה איז פונקט אַזוי הייליג ווי ירושלים גופא, און האט דאַרום דאָרטען איינגעפיהרט יענע אַלע מנהגים, לויט וועלכע מען האט זיך נוהג געווען אין ירושלים.

די ערשטע און וויכטיגסטע בעהויפּטונג זיינע איז געווען, אַז דער סנהדרין אָדער „בית דין" אין יבנה איז פונקט אַזוי וויכטיג און הייליג ווי דער געוועזענער סנהדרין, וואָס איז געזעסען אין בית המקדש. ניט דער אָרט מאַכט הייליג דעם סנהדרין, נאָר דער סנהדרין מאַכט הייליג דעם אָרט.

אַלס דער בית המקדש איז נאך געשטאַנען, פלעגט מען אין ירושלים בלאָזען שופר, ווען ראש השנה פלעגט אויספאַלען אום שבת, וועהרענד אין די פּראָווינציעלע שטעדט פלעגט מען עס ניט טהון. רבן יוחנן בן זכאי האט איינגעפיהרט, אַז אין יבנה זאָל מען יאָ בלאָזען שופר אין אַזאַ פאַל.

אין בית המקדש פלעגט מען טראָגען דעם לולב אַלע זיעבען טעג, אין די פּראָווינציעלע שטעדט נאר איין טאָג. רבן יוחנן בן זכאי האט

איינגעפירט, אז אין יבנה זאל מען זיך נוהג זיין ווי אין בית המקדש.

אין בית המקדש פלעגען די כהנים געהן דוכנ'ען, בענשען דעם עולם, בארפוס; דאס זעלבע איז אויך איינגעפירט געווארען אין יבנה. דיזע און נאך אנדערע תקנות (זעה משא ארץ ישראל, דור דור ודורשיו חלק ב') האבען געהאט די אויפגאבע צו שטעלען יבנה אויף די זעלבע מדרגה ווי ירושלים.

די איינציגע זאך, וואס האט געפעהלט אין יבנה, זענען געווען די קרבנות. אבער די קרבנות האבען שוין לאנג צוריק שוין מעהר ניט געשפיעלט די זעלבע ראליע ווי אין די אמאליגע צייטען, אין דעם ערשטען בית המקדש. צו פערדאנקען די נביאים, וואס האבען געפיהרט אנ'אגי-טאציאן געגען די קרבנות נאך ביי'ם ערשטען בית המקדש, און די פראקטישע איינפיהרונג פון תפלות אנשטאט קרבנות דורך די „אנשי כנסת הגדולה", איז דיזע פארמע פון גאטעס-דיענסט ניט געווען מעהר אזוי בעליעבט ביי דעם עולם. רבן יוחנן בן זכאי'ס מיינונג וועגען קרבנות, קאן מען אם בעסטען ארויסזעהן פון פאלגענדע מעשה (אבות דרבי נתן, ד'): „אמאל איז רבן יוחנן בן זכאי ארויס פון ירושלים און רבי יהושע איז געגאנגען הינטער איהם. זעהענדיג דעם פערוויסטעטען בית המקדש, האט ר' יהושע אויסגעשריען: „וועה איז אונז, וואס דער ארט, וואו די יודישע זינד זענען פערגעבען געווארען, איז חרוב." האט איהם אויף דעם רבן יוחנן בן זכאי געענטפערט: „זאל עס דיר ניט וועה טהון, מיין זוהן, מיר האבען אנ'אנדער וועג ווי אונזערע זינד צו פערגעבען, און דאס איז צו טהון גמילות חסדים".

רבי יוחנן בן זכאי איז געוועזען איינער פון די, וואס האבען בעלאנגט צו די „בית הלל". ווי דער גרינדער פון דיעזער שולע, אזוי האט ער אויך אויסגעמיטען זיך צו מישען אין פאליטיק; ער איז געווען צופריעדען דער-מיט, וואס ער האט אין יענע שווערע צייטען זיך געקאנט אבגעבען מיט'ן לערנען און פערשפרייטען די תורה, ווייל די גרויסקייט און די האפנונג פון דעם יודישען פאלק ליעגט נאר אין דער תורה. כאראקטעריסטיש פאר רבן יוחנן בן זכאי איז זיין שפרוך, וואס געפינט זיך אין אבות: „ער פלעגט זאגען, אויב דו האסט פיעל תורה געלערנט, שטאלציר דערמיט ניט, ווארום אויף דעם ביזטו בעשאפען געווארען".

פון רבן יוחנן בן זכאי גופא געפינען זיך פערהעלטניסמעסיג גאנץ ווייניג הלכות אין תלמוד (זעה דור דור ודורשיו, חלק ב'). אבער זיין איינפלוס אויף דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דער „תורה שבעל פה"

איז דענסאך געוועזן זעהר גרויס, טהיילוויז דורך זיינע נייע תקנות און הויפטזעכליך דורך זיינע גרויסע תלמידים און זיינע תלמידים'ס תלמידים. די זענען עס געוועזן די זיילען, אויף וועלכע דער גאנצער תלמודישער בנין איז אויסגעבויט געווארען.

פון די ווייניגע דרשות פון רבן יוחנן בן זכאי, וועלכע געפינען זיך צוזאמען אין דער תלמודישער ליטעראטור, איז ארויסצוזעהן, אז ער האט געלעגט פיעל מעהר געוויכט אויף גוטע מדות, פריינדשאפט, שלום צווישען מענש און מענש, ווי אויף די רעליגיעזע צערעמאניען. אין זיינע דרשות זעהט מען ארויס א ברייטע, מענשען-פריינדליכע, ווארימע נשמה.

איך וועל דא ברענגען א פאר פון זיינע כאראקטעריסטישע דרשות: „אפילו די שטיינער (פון מזבח), וועלכע זעהען ניט, און הערען ניט, און רעדען ניט, טארען ניט בעריהרט ווערען מיט'ן אייזען, נאר דערפאר, וואס זיי מאכען שלום צווישען די יודען און גאט. א מענש, וואס מאכט שלום צווישען מאן און פרוי, משפחה און משפחה, צווישען איין מענשען און דעם אנדערען, מעג אוודאי זיין זיכער, אז קיין אונגליק וועט איהם ניט טרעפען".

און אט איז זיינע א צווייטע דרשה: „מיט וואס איז דער אויער אנדערש אלס די אנדערע אברים פון מענשליכען קערפער?" (א יודישען שקלאף, וואס וויל ניט ארויסגעהן פריי, ווען זיין צייט קומט, דארף מען לעכערן דעם אויער). „גאט האט געזאגט: דער אויער, וואס האט מיך געהערט אויסרופען אויפ'ן בארג סיני; כי לי כל ישראל עבדים" — צו מיר זאלען די יודען קנעכט, און איז געגאנגען און זיך געקויפט א נ'אנדערע הערן, דיעזער אויער זאל געלעכערט ווערען". (קידושין, כ"ב).

אין זיינע בעציהונגען צו ניט-יודען איז רבן יוחנן בן זכאי געווען זעהר פריינדליך. דער תלמוד דערצעהלט וועגען איהם: „אמרו עליו על רבן יוחנן בן זכאי שלא הקדימו אדם שלום מעולם ואפילו נכרי בשוק" — מען דערצעהלט אויף רבן יוחנן בן זכאי, אז ער איז אלע מאל געווען דער ערשטער צו בעגריסען אימיצען, אפילו א ניט-יודען". אין ענינים פון צדקה און מענשען-פריינדליכקייט האט ער געשטעלט די יודען און די אומות העולם אויף איין מדרגה (זעה: בבא בתרא, י').

ווי א ריכטיגער תלמיד פון הלל הזקן, האט ער זיך אויך זעהר פריינדליך פערהאלטען צו גרים, און האט זאגאר איינגעפיהרט א תקנה, וואס זאל פאר די גרים מאכען לייכטער דעם צוטריט צו יודישקייט.

עס פערשטעהט זיך, אז זיין ליעבע צו הללים לעהרען האט געבראכט דערצו, וואס דער בית־דין פון יבנה האט איינגעפיהרט, אז „הלכה כבית הלל“, דער דין בלייבט ווי בית הלל לערנט. די לעגענדע דערצעהלט, אז א בת־קול איז ארויס און האט אזוי אויסגערופען.

ווי לאנג רבן יוחנן בן זכאי האט זיך אויפגעהאלטען אין יבנה איז ניט קלאר. איין זאך איז אבער זיכער, אז ער איז דארטען ניט געבליבען דער נשיא ביז זיין טוידט. צוליעב אורזאכען, וועלכע זענען אונז ניט אין גאנצען בעקאנט, האט ער פערלאזען יבנה און זיך בעזעצט אין א פערוואָרפענע שטעדטעלע, וועלכע האט געהייסען „ב ר ו ה ח י ל“. דארטען האט ער פערבראכט זיינע לעצטע ביסעל יאהרען, ווערענד אויף זיין פלאץ אין יבנה איז ארויפגעקומען אלס נשיא רבן גמליאל.

דיעזער רבן גמליאל איז וויט ניט געווען אזא גרויסער געלעהרטער אין דער תורה ווי רבן יוחנן בן זכאי, דערפאר איז ער אבער געווען א גרעסערער יחסן און דערצו נאך א רייכער מאן. דער פאקט, וואס ער איז געווען אן אוראייניקעל פון הלל הזקן און האט אבגעשטאמט פון דער אלטער יודישער דינאסטיע, פון דער פאמיליע דוד, האט איהם פערשאפט גרויס אנזעהן, און פיעל כבוד אין די אויגען פון פאלק. דער עולם האט צוליעב דעם איהם בעטראכט אלס די פאסענדסטע פערזאן פאר אזא וויכטיגען פאסטען ווי די „נשיאות“ איז געווען. מען דארף ניט פערגעסען, אז דער נשיא האט ניט נאר געהאט צו זאגען איבער ריין רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען, זאנדערן האט אויך בעזעסען א גרויסע מאכט איבער וועלטליכע ענינים. די פיהרונג פון דעם „הויף“ פון נשיא איז געווען פערבונדען מיט גרויסע הוצאות, אזוי, אז א רייכער מאן האט זיך בעסער געפאסט דערצו. עס איז אבער אויך זעהר מעגליך, אז די רוימישע רעגירונג איז דא געקומען צו הילף רבן גמליאל'ן אין זיין שטרעבונג צו ווערען דער נשיא.

ווי די זאך זאל ניט זיין, קיינע גרויסע ענדערונגען האט רבן גמליאל'ס נשיאות ניט געמאכט אין יבנה. ווילענדיג אדער ניט ווילענדיג, איז ער געצוואונגען געווען זיך צו האלטען אן די טריט פון זיין פארגענגער. עס איז אמת, רבן גמליאל איז בטבע ניט געווען אזא ווארימער פאלקסמענש ווי רבן יוחנן בן זכאי, ער איז געווען מעהר אריסטאקראט, דערצו האט ער אין מאנכע ענינים נוטה געווען צו די לעהרען פון די שמאי'איטען; אבער אין דער פראקטיק האט ער געקאנט גאנץ ווייניג דורכפיהרען, ווייל די מעהרסטע אנהענגער און תלמידים פון רבן יוחנן בן זכאי זענען

געבליבען אין דער יבנה'ער ישיבה, און האבען געהאט אזא געוואל־דיגען איינפלוס אויף די יונגע תלמידי חכמים, אז רבן גמליאל וואלט גאר ניט געקאנט מאכען געגען זיי, ווען ער וואלט עס אפילו געוואלט. דער פאקט איז, אז דיזע האבען טאקע געמאכט א מין רעוואלוציאן געגען רבן גמליאל און האבען איהם פאר א געוויסע צייט אראבגעזעצט פון זיין נשיאות.

* *

*

יבנה איז געווארען דער נייער צענטער פון דעם יודישען לעבען. דארטען האט זיך אויפגעהאלטען דער „נשיא", און דארטען איז אויך געווען דער פלאץ פון דעם נייעם סנהדרין, דער „בית־דין של יבנה", דאס העכסטע געריכט־הויז אין לאנד. אלערליי פראגען פון געזעץ, הן אין וועלטליכע, הן אין רעליגיעזע ענינים, זענען דארטען געווארען ענטשיעדען. דערצו האט זיך דארטען געפונען אויך די גרעסטע ישיבה, די גרעסטע אקאדעמיע פון לאנד, וואו די יונגע תלמידי חכמים (סטודענטען) האבען זיך פארבערייטעט פאר זייער צוקינפטיגער טהעטיגקייט, אלס לעהרער און פיהרער פון דעם פאלק אין זיין סאציאלען און רעליגיעזען לעבען.

איינע פון די וויכטיגסטע אויפטהועהצען פון דער יבנה'ער אקאדעמיע איז בעשטאנען דערין, צוזאמענקלייבען אלע הלכות און זיי אויפשרייבען, כדי זיי זאלען ניט פערגעסען ווערען. הויפטזעכליך איז עס געווען דער פאל מיט אלע יענע געזעצע, וואס האבען געהאט א שייכות מיט דער „עבודה" (גאטעס־דיענסט) אין בית־המקדש: די „מצוות התלויות בארץ"— די געזעצע וואס זענען בינדענד נאר אין ארץ ישראל, ווי שמיטה, יובל און דערגלייכען; פיעלע פון די געזעצע פון „טומאה" און אויך די געזעצע וועגען „דיני נפשות" (טודט־שטראף). דיזע אלע געזעצע האבען מעהר ניט געהאט קיין פראקטישע בעדייטונג אין לעבען און זיי האבען דארום געקאנט גיך ווערען פערגעסען. די צוזאמענקלייבער פון דיזע הלכות זענען דאס רוב געווען אזעלכע מענשען, וואס האבען מיט זייערע אייגענע אויגען געזעהן, ווי זיי פלעגען דורכגעפיהרט ווערען אין דער פראקטיק, ווען דער בית־המקדש איז נאך געשטאנען (זעה דור דור ודורשיו חלק ב' פרק ה').

דיזע צוזאמענגעקליבענע הלכות זענען נאך דאמאלס ניט סאנק־ציאנירט געווארען אפיציעל, ד. ה., „תורה שבעל פה" איז נאך דאמאלס אלץ געבליבען א „תורה שבעל פה" — א מונדליכע איבערליפערונג,

וועלכע דארף ניט פערשריבען ווערען. אבער דיעזע זאמלונגען זענען שפעטער זעהר גוט צו-נוץ געקומען ר' יהודה הנשיא און זיין ישיבה, וועלכע האבען צוזאמענגעשטעלט די „משנה". די ישיבה פון יבנה האט אנגעגרייט דעם מאטעריאל, פון וועלכען די משנה איז אויסגעבויט געווארען.

דיעזע אלע אלטע הלכות און אויך די נייע הלכות, וועלכע זענען ארויס-גערופען געווארען דורך די נייע אומשטענדען, האבען געמוזט בעגרינדעט ווערען אויף די ווערטער אדער דעם זין פון דער תורה גופא. דאס איז געטהון געווארען מיט דער הילף פון די „מדות", וועלכע הלל הזקן האט איינגעפיהרט, און וועגען וועלכע עס איז שוין גערעדט געווארען אין א פריהערדיגען קאפיטעל. צו דיעזע אלע מעטאדען זענען אויך צוגעקומען מאנכע גאנץ נייע. דאס איז איבערהויפט געווען א צייט, ווען עס איז אוועק-געלעגט געווארען פיעל צייט און ענערגיע אויף די מעטאדען ווי צו לערנען די תורה. צווישען דיעזע מעטאדיקער, אויב מען קאן זיך אזוי אויסדריקען, זענען געווען ר' נחוניא בן הקנה, נחום אישג ם־זו, נחמיה העמסוני, שפעטער ר' אליעזר און רבי עקיבא און אנדערע. דיעזע נייע מעטאדען זענען ניט געווען בעגרינדעט אויף לאגישע יסודות, זאנדערן אויף די אייגענטהימליכקייטען פון דער שפראך פון דער תורה. עס זענען געווען אזעלכע, וואס האבען אנגעהאנגען גאנצע בערג פון הלכות און דרשות אויף אנ'איבריגען אות אדער ווארט פון דער תורה. אנדערע דאגעגען האבען אין דיעזע מעטאדען ניט געגלויבט, ווייל „דברה תורה כלשון בני אדם", די תורה רעדט מיט דער שפראך פון א מענשען, וועלכער זאגט אמאל איבער איין זאך צוויי מאל און אזוי ווייטער, און אז דארום דארף מען ניט אזוי מדקדק זיין מיט דער שפראך. עס איז דא נאך נויטיג צו בעמערקען, אז זאגאר די אנהענגער פון דיעזע מעטאדען, האבען זיי נאר בעטראכט אלס א מיטעל צום ציעל, צו פעראייניגען די תורה מיט דעם לעבען.

צו פעראייניגען די תורה מיט דעם לעבען, דאס איז אלע מאל געווען די הויפט-אויפגאבע פון די פיהרער פון יודישען פאלק. דאס איז געווען דער פאל מיט די „אנשי כנסת הגדולה", די פרושים, אין דער צייט ווען דער בית המקדש איז נאך געשטאנען, און די הכמים נאכ'ן חורבן. אום דיעזעס צו ערגייכען האבען זיי זאגאר אונטער געוויסע אומשטענדען מבטל געווען א געזעץ פון דער תורה גופא, אדער האבען איהם געגעבען א בעדייטונג, וואס זאל זיך בעסער פאסען מיט דער נייער צייט און די נייע אומשטענדען.

זיי האָבען עס ניט בעטראַכט אַלס אַ סתירה געגען דער תורה, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אַז די תורה גופא האָט זיי אויף דעם געגעבען די ערלויבניש, זיי האָבען בעהויפּטעט, אַז דאָס, וואָס די תורה לערנט „און דו זאָלסט קומען צו די ריכטער פון יענע צייטען", מיינט, אַז די תורה גיט די אויטאָ־ריטעט צו די ריכטער פון יעדען דור צו פסק'ענען אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר זייערע צייטען. זיי האָבען דאַרום אויפגעשטעלט אַלס איינעם פון זייערע גרונד פּרינציפּען, אַז „בית דין מתנין לעקור דבר מן התורה" — אַ בית־דין מעג אויסרייסען אַ געזעץ פון דער תורה. נאַטירליך קאָן דיזע ערלויבניש נאָר געבּרויכט ווערען אין געוויסע אויסנאַהמס־פעלע, וואו דאָס פערוואַרפען פון אַ געזעץ פון דער תורה איז נויטיג טאַקע צוליעב דער ערהאַלטונג פון דער תורה גופא. זיי האָבען דאַרום געדרש'נט: „עת לעשות לה' הפרו תורתך" — ווען די צייט פאָדערט עס פון גאָט'ס וועגען (ד. ה. פון דער תורה גופא וועגען), מעג מען מבטל זיין עטוואָס פון דער תורה.

פיעלע פון די נייע תקנות, וואָס האָבען געטראָגען אַ רעליגיעזען כאַראַקטער, זענען איינגעפיהרט געוואָרען מיט דער כונה צו דערווייטערען דעם עולם פון אַ זאַך, וואָס איז פערבאָטען אין דער תורה גופא. פיעלע מלאכות זענען צו'ם ביישפּיעל פערבאָטען געוואָרען אום שבת נאָר דער־פאַר, ווייל ווען זיי וועלען זיין ערלויבט, וועט מען אויך טהון אַזעלכע אַרבייטען, וואָס די תורה האָט פערבאָטען.

אַ צווייטער, זעהר וויכטיגער גרונד־פּרינציפּ, וואָס זיי האָבען גע־האַט ביי'ם איינפיהרען פון נייע תקנות און גזרות, איז בעשטאַנען אין דעם, אַז מען טאָר ניט פערבאָטען אַזאַ זאַך, וואָס קאָן ברענגען דעם עולם צופיעל שאַדען אָדער וואָס איז ניט דורכפיהרבאַר אין לעבען. זיי האָבען דאַרום געשטעלט אַלס אַ כלל: „אין גוזרין גזרה על הצבור אלא אם כן רוב הצבור יכולין לעמוד בה" — מען איז ניט גוזר אַזעלכע גזרות, וואָס די מאַיאָריטעט פון עולם קאָן זיי ניט ביישטעהן.

אויב עס עקזיסטירט אַ געוויסער פערבאָט, וועלכען דער עולם האָט ניט דורכגעפיהרט, דאַרף מען איהם ניט זוכען דורכצופיהרען געגען דעם ווילען פון פאָלק. אין אַזעלכע פעלע איז דער כלל: „הנח להם לישראל, מוטב יהיו שוגגין ולא יהיו מזידין" — לאָז זיי צורוה, די יודען, זאָלען זיי בעסער עובר זיין אוים'ן פערבאָט ניט וויסענדיג איידער מיט'ן וויסען.

אין אַ פאַל, ווען דער געזעץ איז ניט קלאָר, קוקט מען ווי דער עולם איז זיך נוהג. אין געוויסע פעלע ברעכט דער מנהג דעם דין.

ווען די אורזאַכע, וואָס האָט אַרויסגערופען אַ געוויסע נייע איינפיהרונג

אין לעבען, עקזיסטירט ניט מעהר, ווערט אויך די נייע איינפיהרונג בטל. דערמיט ווערט ערקלערט, וואס מיר געפינען אין מאנכע פעלע, אז איין גזרה איז איינגעפיהרט געווארען איינינע מאל, וויל יעדעס מאל ווען די אורזאכען, וועלכע האבען ארויסגערופען די גזרה, זענען פערשוואונדען, איז אויך די גזרה בטל געווארען. מבטל זיין א גזרה קאן אבער נאר אנאנדער גע־ריכטס=הויז.

דיזע זענען מאנכע פון די הויפט=פרינציפען, לויט וועלכע די תלמודיסטען האבען זיך געריכטעט ביים איינפיהרען פון נייע געזעצען.

יבנה איז געוועזען די ערשטע יודישע גרויסע אקאדעמיע נאכ'ן חורבן. שפעטער זענען די ישיבות פערמעהרט געווארען, אבער זיי אלע האבען זיך אויפגעפיהרט אויף די זעלבע גרונד=פרינציפען, זיך בענוצט מיט די זעלבע מעטאדען, און געהאט די זעלבע צוועקען. אלע האבען געקראגען זייער יניקה פון יבנה.



## VIII.

## די „תורה שבעל פה" ווערט א „תורה שבכתב" *

די ערשטע פאר צעהנדליג יאהרען נאכ'ן חורבן האבען זיך די רוימער פערהאלטען מעהר אדער וועניגער פריינדליך צו די יודען, אזוי פריינדליך ווי א זיעגרייכעס פאלק האט אין יענע ברוטאלע צייטען געקאנט זיין געגען א בעזיעגטען שונא. די רוימער האבען זיך גאנץ וועניג אריינגעמישט אין די רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען פון דעם יודישען פאלק, האבען איהם געלאזט לעבען אויף זיין אייגענעם דרך, לויט זיינע נאציאנאלע מנהגים און טראדיציאנען, כל זמן דיעזע מנהגים און טראדיציאנען האבען ניט געשטערט דעם שטאאטס־לעבען. די רוימער האבען געהאפט אויף אזא ארט צו געווינען דעם גלויבען און צוטרויען פון דעם יודישען פאלק. פאר די רוימער האט זיך ניט געלוינט צו האבען שונאים, און נאך אזעלכע ערביטערטע און פערצווייפעלטע שונאים ווי די יודען זענען דאמאלס געווען, אין זייערע אזיאטישע פראווינצען אין א צייט, ווען פערשיעדענע אנדערע געפאהרען האבען זיך גענומען ארויסצייגען אין אנדערע געגענדען פון דער גרויסער רוימישער אימפעריע.

די רוימישע פאליטיק איז בעשטאנען אין דעם, צו זעהן אז די יודען זאלען זיך אסימילירען, זאלען זיך אויסמישען מיט די איבריגע טהיילען פון דער בעפעלקערונג און בילדען מיט זיך איין סאלידע מאסע פון טרייע רוימישע אונטערטהאנען, אין וועלכע די אימפעריע האט זיך אזוי געניטיגט. אט איז ווי ר' עקיבא, איינער פון די הויפט־אנפיהרער פון דער נייער רעוואלוציאן אונטער „בר־כוכבא", דריקט זיך אויס וועגען דעם, אריינלעגענדיג אין די מייל פון די רוימער די פאלגענדע ווערטער: „מה דודך מדוד שכך אתם מתים עליו וכך אתם נהרגים עליו, הרי אתם נאים, הרי אתם גבורים, בואי והתערבו עמנו" — וואס איז דער יחוס מיט אייער גאט, וואס איהר טוידטעט זיך און ווערט ערמארדעט צוליעב זיינעטוועגען? איהר זייט דאך שעהן, איהר זייט דאך שטארק, קומט מישט זיך דורך מיט אונז'.

די רוימער האָבן אָבער באַלד געקראָגן די געלעגנהייט איינצוזעהן, אַז מיט זייער כלומרשט „פריינדליכע" פּאָליטיק געגנאיבער די יודן קאָנען זיי גאַנץ ווייניג אויספירן; זיי האָבן באַלד איינגעזעהן, אַז דאָס יודישע פאָלק וויל ניט פערקויפן זיין בכורה פאַר אַ טאָפּ לינזן; אַז עס האָט גאָר ניט בדעה זיך צו לאָזן איינשלינגען פון די רוימער אפילו אויף אַ „גוטן" וועג; אַז עס איז געבליבן דער זעלבער „קשה עורף", דער זעלבער האַרטנעקיגער, ווי פאַר דעם חורבן.

אין פערלויף פון דער קורצער צייט נאָך דעם חורבן (קנאַפּע פופציג יאָהר) האָבן די יודן אָנגעווענדעט אַלע זייערע כחות צו פערזיכערן זייער נאַציאָנאַלן קיום. און אויף דעם האָבן זיי זיך בענוצט מיט דעם לאַנג-אויסגעפּרובירטן מיטעל, זיי זענען געגאַנגען אויף דעם אַלטן לאַנג-אויסגעטראָטענעם וועג — זיך וואָס מעהר און מעהר אָבצוזונדערן פון די אַרומיגע פעלקער און זיך איינשליסן אין זיך גופא. זיי האָבן נאָך מעהר פערשטאַרקט און פערפעסטיגט דעם דיקן מויער, וועלכער האָט זיי אָבגעצאַמט פון זייערע שכנים. די יודישע געלעהרטע, די תלמידי חכמים האָבן אַוועקגעגעבן זייער גאַנצן לעבן, אַוועקגעלעגט זייער גאַנצע צייט אום צוזאַמענצוקלייבן און אויפצוהיטן די אַלע אַלטע קולטורעלע אוצרות פון דעם פאָלק. די ישיבות האָבן זיך פערמעהרט, דאָס לערנען פון דער תורה איז נאָך קיינמאָל ניט אַזוי פערשפּרייט געוואָרן.

אָבער דאָס איז נאָך געווען ווייניג. דאָ אין דאָרטן האָבן אין די בּרייטע קרייזן פון דעם פאָלק און טהיילווייז אויך צווישן די געלעהרטע גענומען אַרויסשפּראָצן פון דאָס-ניי רעבעלירענדע גייסטער, ווירדיגע נאָכפאָלגער פון די קנאים (צעלאָטען), וועלכע האָבן ווידער אָנגעפאַנגען טראַכטן וועגן אַ זעלבסטשטענדיגן פּאָליטישן לעבן פאַר דעם יודישן פאָלק, און האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט פּלענער ווי אַזוי אַראָבצוואַרפן פון זיך דעם רוימישן יאָך.

דיזע רעבעלירענדע שטימונג האָט זיך ענטוויקעלט און איז פון אָנפאַנג געווען אַם שטאַרקסטן ניט אין דער אַמאָליגען ארץ ישראל, זאָנדערן אין די רוימישע פּראָווינצן אין סיריען און עגיפּטן. נאָך לאַנג פאַר'ן חורבן האָבן זיך דאָרטן געפינען גרויסע, בליהענדע יודישע קאָלאָניען, וועמעס האַרץ עס האָט געקלאַפּט מיט דעם האַרצן פון דער גאַנצער אומה אין ארץ ישראל. נאָכ'ן חורבן זענען צו זיי צוגעקומען פיעל פון די אַנטלאָפענע קריגער, פערביטערט און ענטטוישט און אין דער זעלבער צייט מיט'ן טיעפן גלויבן, אַז גאָט וועט נאָך נעהמען ראַכע פון „אדום" (די

רוימער). דיזע יודען האָבען זיך נאָך ניט געהאַט צוגעוואָהנט צום גלות־לעבען, צו אַ לעבען פון שאַנדע, זיי האָבען ניט געקענט פערטראָגען דעם שפּאָט פון די זיעגרייכע רוימער און פון זייערע אַלטע שונאים, די גריכען. דאָס איז וואַהרשיינליך געוועזען די אורזאַכע, וואָס זיי זענען בעפאַלען אויף די גריכען און די רוימער, ערמאָרדענדיג פון זיי פיעל טויזענדער.

וועהרענד די רוימישע לעגיאָנען זענען געווען בעשעפטיגט מיט דער אונטערדריקונג פון דיזע אויפשטאַנדען, האָט מען די יודען אין ארץ ישראל גופא געלאָזען צו־רוה. די רוימער האָבען אַ פנים געוואָלט אויסמיידען לעת עתה אַנ'אַלגעמיינעם אויפשטאַנד, וועלכען עס וואָלט געווען פיעל שווערער צו בעקעמפּפען. אָבער אַזוי שנעל ווי זיי זענען פאַרטיג געוואָרען מיט יענע „בונטאָוושטשיקעס", האָבען זיי זיך גענומען צו די יודען פון ארץ־ישראל. די ערשטע זאַך, וואָס זיי האָבען געטהון, איז געווען צוריקצוציהען די ערלויבניש צו בויען פון דאָס ניי דעם בית המקדש, וואָס די ברידער לוליינוס און פּפּוס האָבען געהאַט אַרויסגעקראָגען. די צוויי שתדלנים גופא זענען ערמאָרדעט געוואָרען און דער „הר הבית" איז געאַקערט געוואָרען, כדי צו בעווייזען, אַז דאָרטען וועט שוין קיינמאָל קיין בנין ניט שטעהן. עס פערשטעהט זיך, אַז דאָס האָט דעם עולם זעהר שטאַרק אויפגעבראַכט און עס האָט געדראָהט, אַז עס זאָל באַלד אויסברעכען אַ רעוואָלוציאָן, ווען ר' יהושע וואָלט זיך ניט אַריינגעמישט און אָבגעהאַלטען פון אַזאַ איבערגעאיילטען שריט. עס איז אָבער די מיינונג פון מאַנכע היסטאָריקער (פּראָפ' דאַרנבערג), אַז דאָס איז געווען די ריכטיגע אורזאַכע צו דער גרויסער רעוואָלוציאָן אונטער דער פיהרונג פון בר כוכבא.

דאָ איז ניט דער פּלאַץ צו געבען אַ בעשרייבונג פון יענע וואונדערבאַרע מלחמה, וואָס בר כוכבא האָט געפיהרט געגען רוים. דאָס איז געווען די לעצטע גרויסע שלאַכט, די לעצטע איבער־מענשליכע אָנשטרענגונג פון דעם יודישען פאָלק פאַר זיין פּאָליטישער זעלבסטשטענדיגקייט, פאַר זיין פרייהייט. אַ קורצע צייט האָט עס אויסגעוויזען, אַז דאָס אונמעגליכע וועט געשעהן, אַז דער וואונדער פון די העלדישע מאַקאַבעער וועט זיך ווידערהאָלען נאָכאַמאָל אין דער פּערזאָן פון דעם העלדישען בר כוכבא. אָבער דאָס איז נאָר געווען דאָס לעצטע אויפפלאַמען פון אַנ'אויסגעהענדען ליכט, דער לעצטער ליכטיגער קוק פון אַ גוסס. צוויי און האַלב יאָהר האָט געדויערט דיעזע מלחמה, צוויי און אַ האַלב יאָהר

האָט דער רוימישער ריעז געדאַרפט קעמפפען געגען דעם יודישען קאַרליק ביז וואַנען ער האָט איהם בעזיעגט, אָבער ער האָט איהם דאָך בעזיעגט.

דער „חורבן ביתר", ווי דיעזער אויפשטאַנד איז בעקאַנט אין תלמוד, איז געווען פיעל שוידערליכער, פיעל גרויזאַמער ווי דער חורבן ירושלים, און זיינע פאָלגען זענען אויך געווען פיעל שרעקליכער. דער אויפגערייצטער רוימישער אָדלער האָט בעשלאָסען איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויסצוראָטען און צו פערניכטען דעם יודישען פאָלק, דיעזען אונרוהיגען, רעבעלירענדען פאָלק. אום דיעזען ציעל צו ערייכען, האָבען די רוימער געטהון צוויי זאַכען: זיי האָבען, ערשטענס, געזעהן, אַז דאָס יודישע פאָלק זאָל ניט בלייבען אויף זיין לאַנד און, צווייטענס, אַז ער זאָל זיך ניט האַלטען אָן זיין קולטור, אָן זיין רעליגיאָן.

אָבער וועהרענד די ערשטע גזרה האָט זיך די רוימער איינגעגעבען, די יודען זענען פערוואָגעלט געוואָרען פון זייער לאַנד אויף אַלע מאָל און זענען אויף אימער געבליבען אַ פאָלק אָהן אַ היים, האָט זיך זיי אָבער די צווייטע גזרה גאָר ניט איינגעגעבען. דאָס האַרטנעקיגע פאָלק איז געבליבען ביי זיין תורה טראָץ די אַלע פערפאָלגונגען, טראָץ די אַלע גזרות און שמדות, טראָץ די שוידערליכסטע יסורים וואָס עס האָט געהאַט אויסצושטעהן. מיט אייזערנע צואַנגען האָט מען געריסען דאָס פלייש פון ר׳ רבי עקיבא פאַר וואָס ער האָט געלערנט די תורה, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפען, ער האָט אויסגעהויכט זיין לעצטען אָטהעמצוג מיט דעם אַלטען אויסרוף: „שמע ישראל". די רוימער האָבען פערבאָטען צו געבען „סמיכה". וועלענדיג איבעררייסען די יודישע טראַדיציאָן, האָבען זיי גוזר געווען „אַז דער וואָס גיט און נעהמט „סמיכה", זאָל געטוידט ווערען, און די שטאָדט, וואו מען גיט די „סמיכה", זאָל מען חרוב מאַכען" (סנהדרין י״ג). עס איז פערבאָטען געוואָרען אונטער דער שטראָף פון טוידט צו לערנען תורה. האָט זיך אָבער געפונען אַ ר׳ יהודה בן בבא, וועלכער איז אַנטלאָפען מיט פינף פון זיינע תלמידים צווישען די בערג, וואו ער האָט זיי געלערנט די תורה און זיי געגעבען סמיכה. ווען די רוימישע סאָלדאַטען האָבען זיך דערפון דערוואוסט און זיי זענען געגאַנגען טוידטען די „פערברעכער", האָט דער אַלטער און שוואַכער ר׳ יהודה בן בבא געהייסען זיינע תלמידים אַנטלויפען. „רבי", האָבען איהם די תלמידים געפרעגט, „און וואָס וועט זיין מיט דיר?" „איך", האָט ער געענטפערט, „וועל בלייבען דאָ ווי אַ שטיין וואָס מען קען פון אָרט ניט ריהרען". „די רוימישע סאָלדאַטען", דערצעהלט דער תלמוד ווייטער, „זענען פון דאָרטען ניט אַוועק ביז וואַנען זיי האָבען ניט דורכגע-

כּערט זײַן קערפּער מיט דרײַ הונדערט שפּיזען" (עבודה זרה, ה').

און ר' עקיבא מיט ר' יהודה בן בבא זענען ניט געווען די אײנציגע. די רוימישע פערפאָלגונגען האָבען נאָר געפיהרט דערצו, וואָס עס איז געבאָרען געוואָרען אַ דור פון מאַרטירער, אַ דור פון גרויסע נשמות, דער דור פון די „הרוגי מלכות", וועלכע האָבען זיך מוסר נפש געווען פאַר זײערע איבערצײַגונגען, פאַר זײערע אמת'ן. די רוימער איז עבען אַזוי ווענינ, ניין, נאָך פיעל ווענינער, געלונגען צו „רוימיזירען" די יודען דורך בלוט און אײַזען, ווי פריהער מיט זײער כּלומרש'ט פרײַנדליכער פּאָליטיק.

די אַלע רוימישע גזרות און אויסנאַהמס־געזעצען געגען די יודען זענען מיט דער צײַט עטוואָס שוואַכער געוואָרען, אָבער אָבגעשאַפט געוואָרען זענען זיי ניט. זיי זענען געבליבען אַ געפעהרליכער וואָפער אין די הענד פון די רוימישע „טשינאָווניקעס", וועלכע האָבען זיי אויפגעלעבט ווען זיי האָבען עס געפונען פאַר נויטיג. אַזוי, צום בײַשפּיעל, זענען די זעלבע גזרות ווידער אײַנגעפיהרט געוואָרען אין די צײַטען פון רבן שמעון בן גמליאל, דער פאָטער פון ר' יהודה הנשיא. דאָס אַלעס האָט געבראַכט דערצו, וואָס די יודישע חכמים האָבען זיך אַרומגעזעהן, אַז כּדי די תורה שבעל פה זאָל ניט פערגעסען ווערען אין אַזעלכע ביטערע צײַטען איז נויטיג, אַז מען זאָל איהר פערשרײַבען, טראָץ דעם כּלל וואָס זיי האָבען געהאַט, אַז די טראַדיציאָנעלע געזעצען דאַרפען ניט פערשריבען ווערען.

די זע גרויסע אַרבייט איז דורכגעפיהרט געוואָרען דורך ר' יהודה הנשיא, אָדער ווי ער איז בעסער בעקאַנט אונטער די נעמען „רבּי" אָדער „רבּינו הקדוש". אונטער זײַן רעדאַקציאָן און אויפזיכט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען די „משנה", אין וועלכער עס זענען אַרײַנגענומען אַלע מעגליכע הלכות, ניט נאָר אַזעלכע, וואָס האָבען געהאַט אַ צײַטליכען ווערטה, אָנדערן אויך די, וועלכע האָבען מעהר קײן פּראַקטישע בעדײַטונג ניט געהאַט, וועלכע האָבען געקענט פערווירקליכט ווערען נאָר אין ארץ ישראל. דאָס איז געווען אַ מין גרויסע ענציקלאָפּעדיע פאַר אַלטע און נײַע געזעצע.

*

בײַם צוזאַמענשטעלען די משנה האָט זיך „רבּי" בענוצט מיט דעם

מאַטעריאַל, וואָס עס איז געבליבען פון די פערשידענע תלמידים פון רבי עקיבא, הויפטזעכליך אָבער מיט דער זאַמלונג וואָס ר' מאיר האָט צוזאַמענגעשטעלט. דיזער ר' מאיר איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע תלמידים פון ר' עקיבא, און האָט שפּעטער אַליין געהאַט אַ גרויסע ישיבה אין א ו ש א. אין דיזער ישיבה האָט אויך געלערנט „רבי". ר' מאיר'ס זאַמלונג פון די הלכות האָט זיך אויסגעצייכענט מיט דער קורצקייט און דער קלאָרקייט פון דער שפּראַך און מיט דער אויסמיידונג פון פּלפול. עס איז דארום געבליבען דער כּלל, אַז „סתם משנה — ר' מאיר" — וואו עס ווערט געבראַכט אַ הלכה אין דער משנה און עס ווערט ניט אָנגעגעבען דער נאָמען, איז עס ר' מאיר'ס.

די משנה איז איינגעטיילט אין זעקס „סדרים". יעדער סדר איז דאַן איינגעטיילט אין „מסכתות", וועלכע זענען ווידער איינגעטיילט אין „פּרקים".

דער ערשטער סדר איז „זרעים". דאָ זענען אריינגעקומען אַלע הלכות, וואָס האָבען צו טהון מיט אַגריקולטור, מיט לאַנד-אַרבייט, ווי צום ביישפּיעל די פראַגען וועגען מעשרות, תרומה, פאה א. ד. גל. אויך קומען דאָ אַריין די הלכות וועגען תפלה און ברכות. די צוזאַמענשטעלער פון דער משנה האָבען געגלויבט, אַז דאָס לאַנד בעלאַנגט צו גאָט און אַלעס וואָס וואַקסט אויף דעם איז אַ מתנה פון גאָט צו די מענשען, פאַר וועלכע די מענשען דאַרפען איהם דאַנקען און לויבען. זיי האָבען דארום אַריינגעשטעלט די מסכת „ברכות" אין דעם סדר „זרעים".

דער צווייטער סדר הייסט „מועד". דאָ קומען אַריין אַלע הלכות, וואָס האָבען צו טהון מיט שבת און יום טוב. די ערשטע מסכת איז „שבת", וואו עס קומען אַריין אַלע דינים וועגען שבת; דאַן קומט עירובין, וואו די פראַגען פון טראָגען אום שבת און מאַכען אַן עירוב ווערען בעהאַנדעלט. דאַן קומען די הלכות פון פסח, ראש השנה, יום כפור, סוכות און אַזוי ווייטער.

דער דריטער סדר הייסט „נשים". דאָרטען ווערען בעהאַנדעלט אַלע פראַגען, וואָס זענען נוגע דעם פאַמיליען-לעבען, ווי די פראַגען פון יבום און חליצה, פון גט'ן זיך, פון קידושין, פון כתובות א. ד. גל.

דער פערטער סדר הייסט „נזיקין". דאָס איז אַ זאַמלונג פון געזעצען, וועלכע האָבען צו טהון מיט פראַגען פון מיין און דיין, מיט פראַגען פון אייגענטהום, פראַגען פון אַרבייטס-געבער און אַרבייטער א. ד. גל. אויך קומען אַהין אַריין די אַלטע יודישע געזעצען וועגען פערברעכער, וואָס

דארפען בעשטראפט ווערען מיט'ן טויט (דיני נפשות). אין דיזען סדר זענען שפעטער צוגעקומען אזעלכע קליינע מסכתות, וואס בעלאנגען גאר ניט אהער לויט זייער כאראקטער נאך, ווי צום ביישפיעל „אבות", „אבות דרבי נתן", „מסכת סופרים" א. ד. גל.

דער פינפטער סדר הייסט „קדשים". דיזער סדר גיט זיך אב מיט די אלע הלכות, וואס זענען נוגע געוועזען די קרבנות. אויך קומען דארט אריין די אלע פראגען פון כשר און טרפה און פון שחיטה.

דער זעקסטער סדר הייסט „טהרות". דאס איז א זאמלונג פון געזעצען, וועלכע האבען צו טהון מיט די פראגען פון ריין און אונריין. ווי א פרוי דארף זיך נוהג זיין ביי איהר „וסת", ווי זי דארף זיך רייניגען; ווי מען זאל נוהג זיין מיט קרעציגע אום אויסצוהיטען זיך פון אנשטעקונג; ווי מען זאל זיך נוהג זיין מיט דער הויז וואו איינער איז געשטארבען און מיט די בגדים און חפצים מיט וועלכע ער איז געקומען אין בעריהרונג א. ד. גל. קורץ, די אלע געזעצען, וועלכע האבען צו טהון מיט דיזינפעקציאן, מיט דעם פערטרייבען דעם רוח הטומאה, ווי זיי האבען עס דאמאלס פערשטאנען.

דיזע איינטיילונג פון דער משנה איז ניט געמאכט געווארען פון „רבי". זי איז שוין געוועזען בעקאנט פריהער, ווי מען קען עס ארויסזעהן פון פיעל שטעלען אין דעם תלמוד. דער חלוק איז נאר, וואס פריהער זענען געוועזען איינצעלנע זאמלונגען, קונטרסים, פון הלכות, וועלכע האבען בעהאנדעלט פערשידענע געגענשטענדע; איצטער זענען דיזע אלע זאמלונגען צוזאמענגעקליבען געווארען, און עס איז פון זיי געמאכט געווארען איין גאנצעס ווערק.

די הויפט-ארבייט פון רבי איז אלזא בעשטאנען אין דעם צוזאמענקלייבען פון דיזע אלע זאמלונגען פון הלכות, וועלכע האבען זיך געפונען אין די פערשידענע ישיבות, פערגלייכען זיי איינע מיט די אנדערע, אויסבעסערן זייער שפראך און זיי ברענגען אין א געוויסער ארדנונג. דאס לעצטע איז איהם נאר טהיילווייז געלונגען. ניט אין דעם סדר ווי די מסכתות געהען איינע נאך דער אנדערער און ניט אין דעם סדר פון די פרקים קען מען געפינען אירגענד וועלכען לאגישען צוזאמענהאנג. דאס האבען שוין די שפעטערע תלמודיסטען, די „אמוראים", אנגעמערקט און זיי האבען דארום געמאכט די בעהויפטונג, אז „אין סדר למשנה" — די צוזאמענשטעלונג פון דער משנה איז ניט געמאכט געווארען נאך א בעשטימטען פלאן און ארדנונג. אבער אבגעזעהן פון דיזען און מאנכע אנדערע קלענע-

רע פערהערן, וועלכע זענען אונפערמיידליך אין אזא ריזען־אונטערנעהמונג, בלייבט נאך אלץ די „משנה" איינע פון די גרעסטע ווערק, וואס דער געניוס פון דעם יודישען פאלק האט ארויסגעגעבען.

די שפראך פון דער משנה איז די ניי־העברעאישע. זי צייכענט זיך אויס מיט איהר קלארקייט און טרוקענקייט. די ענינים פון געזעץ זענען צו פראזאאיש, אז מען זאל קענען דערצו געברויכען די בילדערדייכע ביבלישע שפראך. דאגעגען זענען די ווייניגע „אגדות", וואס געפינען זיך אין דער משנה (לויט א. ה. וויס — בלויז פינף און זעכציג), געשריבען אין א ווארעמע, הערצליכע שפראך. דער כאראקטער פון די „אגדות" איז אויך ניט דערזועלבער ווי אין די „אגדות" פון דער גמרא: זיי זענען מייסטענס טהיילס קורצע, עפיגראמאטישע מאראל־שפריכע (משלי מוסר).

אין איין וויכטיגען פונקט צייכענט זיך די משנה אויס פון אלע אנדערע געזעץ־ביכער, וואס זענען ווען געשריבען געווארען, און דאס בעשטעהט אין דעם, וואס די מיינונג פון דעם יחיד ווערט אויך געבראכט, אבוואהל דער דין בלייבט ניט ווי ער. דערפון ווילען מאנכע פארשער ארויס־דרינגען, אז רבי'ס כוונה איז ניט געווען צו שאפען א געזעץ־בוך וואס זאל דיענען אלס אזעלכער, זאנדערן, אז ער האט פיעל מעהר בעצוועקט צו מאכען א זאמלונג פון פערשיעדענע געזעצען און מיינונגען, לויט וועלכע די צוקינפטיגע תלמידי הכמים זאלען זיך קענען ריכטען (א. ה. וויס). פון דעם וועג ווי אזוי ר ב י האט צוזאמענגעשטעלט די משנה, דערפון וואס ער האט פיעל הלכות און מיינונגען ארויסגעווארפען, איז אבער צו זעהן, אז ער האט טאקע באמת בעצוועקט צו מאכען א געזעץ־בוך. ער האט נאר דאן אריינגעשטעלט די מיינונג פון דעם יחיד אויך, ווען ער גופא איז געווען אין צווייפעל וועגען דער הלכה. אזוי האבען אויך פערשטאנען די ערשטע „אמוראים", וועלכע האבען דארום בעהויפטעט „הלכה כסתם משנה", וואו די משנה פסק'ענט אן הלכה און ברענגט ניט קיינע מיי־נונגס־פערשיעדענהייטען, בלייבט אזוי דער דין.

ווי עס ווייזט אויס, זענען ניט אלע געלעהרטע פון יענער צייט געווען צופריעדען מיט רבי'ס רעדאקציאן. דאס קען מען זעהען דערפון, וואס מאנכע פון זיי האבען זיך געהאט זייער אייגענע „משנה"; אזוי, צום ביישפיעל, איז בעקאנט „משנת ר' חייא" — ר' חייא'ס משנה.

די אורזאכען וואס האבען ארויסגערופען דיזע אונצופריעדענהייט זענען געווען פערשיעדענע. מאנכען איז אויסגעקומען, אז ר ב י איז ניט געווען אונפארטייאיש גענוג, ניט אין דעם אויסוואהל פון די הכמים

אין וועמעס נאָמען די הלכות זענען געזאָגט געוואָרען און ניט אין פסק׳ענען די הלכות. פיעל הלכות האָט רבי, אלס רעדאַקטאָר, אינגאַנצען אַרויסגע־לאָזען פון זיין זאַמלונג.

דיזע אַרויסגעלאָזענע הלכות זענען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „ברייתות" אָדער „משניות הצוניות". א „משנה הצונה" אויף העברעאיש אָדער „ברייתא" אויף אַראַמיש הייסט אַן אַרויסגעלאָזענע „משנה", אַזעלכע וואָס רבי האָט ניט אַריינגענומען אין זיין זאַמלונג. שפּעטער זענען דיזע ברייתות צוזאַמענגעקליבען געוואָרען און האָבען געקראָגען דעם נאָמען „תוספתות" אָדער „תוספאות" — הוספות, ביילאַגען. דער גרעסטער טהייל פון זיי געפינען זיך צוואָרפען איבער׳ן גאַנצען תלמוד, צווישען די פלפולים פון די „אמוראים".

דיזע אונצופריעדענהייט איז אָבער באַלד נאָכ׳ן ערשטען דור כמעט אינגאַנצען פערשוואונדען. עס זענען, אמת, ווי מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, געמאַכט געוואָרען נייע זאַמלונגען פון די אַרויסגעלאָזענע הלכות, אָבער רבי׳ס משנה איז געבליבען דער גרעסטער, אויב ניט דער איינציגער, אויטאָריטעט אין אַלע ענינים וואָס זענען נוגע צום געזעץ. איבעראַל, אין אַלע ישיבות, אין ארץ ישראל ווי אין בבל, איז רבי׳ס משנה געוואָרען דער איינציגער טעקסט־בוך, וועלכען אַלע תלמידי־חכמים האָבען געברויכט אין דעם שטודיום פון דער הלכה. די „ברייתות" האָבען נאָר גענוצט צו ערגענצען און ערקלערען די כונה פון דער משנה. די שפּעטערע אמוראים ביי וועמען עס איז געווען פערדרעכענט אלס הייליג אַלץ וואָס יעדער „קדמון" האָט געזאָגט, אויך די „ברייתות", האָבען אַוועקגעלעגט פיעל צייט און ענערגיע, אום צו פערענטפערן און אויסצוגלייכען די פערשיעדענע סתירות צווישען דער משנה און די ברייתות.

* *
*

די „תורה שבעל פה" איז געוואָרען פערשריבען; זי האָט געמוזט פערשריבען ווערען, כדי זי זאָל אינגאַנצען ניט פערלאָרען געהן. א לאַנגע, לאַנגע צייט האָבען די יודישע חכמים געטהון אַלעס וואָס זיי האָבען געקענט, אום זיי זאָלען איהר ניט דאַרפען פערשרייבען. זיי האָבען מורא געהאַט, אַז דורך דעם, וואָס די „תורה שבעל פה" וועט ווערען פערשריבען, וועט זי מיט דער צייט פערליערען איהר אָריגינעלען כאַראַקטער, דעם כאַ־ראַקטער פון צייטליכע געזעצען, וועלכע קענען, דאַרפען און מוזען

געענדערט ווערען לויט די נייע אומשטענדען פון די זיך-בייטענדע צייטען; זיי האבען זיך געשראקען, אז דורך דעם וואס די „תורה שבעל פה" וועט פערשריבען ווערען, וועט זי פעראייביגט ווערען, און זיי האבען דארום געזאגט, אז „דברים שבעל פה אי אתם רשאים לאמרם בכתב" — מען טאר די מינדליכע געזעצען ניט פערשרייבען. פון איין זייט די שרעקליכע פערפאלגונגען, וואס די יודען האבען געהאט אויסצושטעהן פון די רוימער; פון דער אנדערער זייט די אבוועזענהייט פון א צענטראלער אויטאריטעט, וואס זאל זיין גילטיג פאר אלע יודען אין זייערע גלות-פלעצער, האבען געצוואונגען רבי'ן צו פערשרייבען דאס, וואס דארף ניט פערשריבען ווערען, צו מאכען פון דער „תורה שבעל פה" א תורה שבכתב.

די געפאהר, וואס די אלטע יודישע חכמים האבען פאראויסגעזעהען, איז פערווירקליכט געווארען. די „תורה שבעל פה" איז פעראייביגט געווארען. די משנה איז געווארען פאר די שפעטערע „אמוראים" דאס, וואס די געשריבענע תורה איז געוועזען פאר די ערשטע יודישע חכמים, די „זקנים" און די „פרושים", א הייליגטהום, וועלכען מען טאר ניט בעריהרען, אן אייביגער געזעץ, וועלכער קען קיינמאל ניט געענדערט ווערען. די בעוועגליכע, אימער זיך-בייטענדע, תורה שבעל פה איז פערשטיינערט געווארען, צו געברויכען דעם אויסדרוק פון „אחד העם".

און פונקט ווי די ערשטע תלמידי חכמים האבען זיך געגריבעלט און געפשט'עלט אין די ווערטער פון דער תורה און האבען אנגעהאנגען בערג איבער בערג פון נייע הלכות אויף יעדען בוכשטאב, אויף יעדער פינטעלע אין דער תורה, אזוי האבען די שפעטערע תלמידי חכמים זיך געגריבעלט און געפשט'עלט אין דעם טעקסט פון דער „משנה", אויסצוגעפינען נייע הלכות, נייע המצאות און נייע איינפאלען. דער סך הכל פון דיזע אלע דרייהלעך און פלפולים, פון דיזער ווירקליך וואונדערבארע שכל-גימנאסטיק, שטעלט מיט זיך פאר יענעם טהייל פון תלמוד, וועלכער איז בעקאנט אונטער דעם נאמען „גמרא"; דער טהייל, וועלכער איז אין דער ווירקליכקייט נאר א פירוש אויף דער משנה.



# פערלאגס־בוכהאנדלונג ב. שימין

**װארשא, נאלעווקי 33. טעלעפאן 194,98**

---

אין אונזער בוכהאנדלונג געפינט זיך דער גרעסטער אויסוואהל פון אלע נייאיגקייטען, וואס ערשיינען אין העברעאיש און זשארגאן, אויך אלע ספרי חינוך ולימוד, וואס זענען ערשיענען ביז די לעצטע צייט, אויך אלע זאמעל־ביכער און בראשורען.

דורכדעם, וואס מיר שטעהן אין פערבינדונג מיט די גרעסטע בוכהענדלער פון רוסלאנד, אמעריקא און לאנדאן, האבען מיר די מעגליכקייט צו געבען דעם גרעסטען ראבאט.

בוכהענדלער און ביבליאטעקען, וואס געהן אריין מיט אונז אין שטענדיגע פערבינדונגען, שטעלען מיר צו אלערליי סארטען ביכער, בעזארגען אימער מיט נייע ביכער און רעכנען מעגליך בילינע פרייזען.

**בעשטעלונגען ווערען פונקטליך און שנעל בעזארגט.**

**מיר נעמען אויך אן אבאנעמענטען אויף אלע צייטונגען און פעריאדישע אויסגאבען.**

---

# די „וועלט־ביבליאטעק" ערשטער יאהרגאנג!

דער קאמפליעט „וועלט־ביבליאטעק" פון יאהר 1909 שטעלט פאר מיט זיך א רייכע קאלעקציע פון פערשידענ־ארטיגע ארגינעלע אידישע און איבערזעצטע בעלעטריסטישע און וויסענשאפטליכע ווערק: אין איהם געפינען זיך די פאלגענדע 24 בענדער:

## אידישע בעלעטריסטיק.

1) מ. ז. פייערבערג: וואהין?

3, 4, 20) דריי בענדער געזאמעלטע שריפטען פון א. מ. וויסענבערג

7. 8. 9) דריי בענדער געזאמעלטע שריפטען פון ז. שניאור

13. 14) „צווישען הימעל און ערד" 2 בענדער נאוועלען פון ז. י. אנכי

11) א באנד געזאמעלטע שריפטען פון יעקב שטיינבערג

12) „אידיליען און בילדער" פון מ. סמאוסקי

23. 24) „חסידישע מעשה'לעך" און „אין יענע צייטען" פון יהודה שטיינבערג

## איבערזעצטע בעלעטריסטיק:

5 6) צוויי בענדער פון העגריך היינע

10) רעדיאר קיפלינג: „דאס בוך פון דער וויסטע"

2. 17. 20) 3 בענדער אויסגעוועהלטע שריפטען פון ארטור שניצלער

## וויסענשאפטליכע:

17. 22) צוויי בענדער „אידישע געשיכטע" בעארבייט נאך ה. גרעץ דורך י. ליידזעראוויץ אונטער דער רעד. פון ה. צייטלין

15. 16. 18) דריי בענדער אויסגעוועהלטע שריפטען פון מאקס נארדוי מיט ביאגראפישע און קריטישע איינלייטונגען פון נ. סאקאלאוו, ד"ר ש. מ. מלמד און ד"ר פאסמאניק.

**פרייז;** 24 ביכער 4 רובל, 12 ביכער 2 רובל, 6 ביכער 1 רובל. די וואס נעמען אב אלע 24 ביכער ביי אונז אין בוכהאנדלונג צאהלען נאר 3,50 רו"כ, איינציגע ביכער צו 25 קאפ. — פראכט באנד פון אלע 24 ביכער אין 8 בענדער 1,30 רו"כ.